מ. נודעלמאַן

# כ׳בין אָלרייט — איך מאַך אַ לעבען!

הומאָריסטישע מאָנאָלאָגען פון אַ „גרינעם"
אין אַמעריקע

ניו־יאָרק 1951

# פון מחבר

דער פריילעכער „גרינער", — דער העלד פון דער דאָזיגער סעריע מאָנאָ־לאָגען, דערציילט פאַר אייך וועגן זיין מערכה אין דער נייער היים.

ער דערציילט וועגן די גליקען און דורכפאַלן. די „גליקען" נעמט ער אויף מיט אַ טרער, די דורכפאַלן — מיט אַ שמייכל.

איך בין נאָכגעקראָכען דעם העלד טריט ביי טריט; איך האָב פאַרשריבען אַלץ, וואָס ער האָט דערציילט, וואָרט ביי וואָרט.

און אויב ס'איז אינ'ם סך־הכל אַרויס־געקומען אַ פריילעכע סעריע מאָ־נאָלאָגען, איז עס נישט דעם מחבר'ס שולד; ס'איז די שולד פון אונזער העלד, וועלכער בלאָנדזשעט אויפ'ן נײַ־עם באָדען, טאָפּטשעט אויף נישט־היי־מישע וועגען, טרעפט זיך אָן אין דער נאָך נישט באַקאַנטער סביבה, אויף אַ וואַנט מיט אַ וואַנט און — טרייסט זיך, אין זיין מצב, מיט אַ געלעכטער פון: „טאַטע, דו לאַכסט, ס'אַ קלאָג צום געלעכטער!"...

1782
0910
0506
3702

# אינהאַלט

זייט


מזל טוב, כ׳בין שוין אין ניו־יאָרק........................ 7 — 9
איך מעסט די גאַסען, און שעפּ נחת........................ 10—14
אַ באַנק האָב איך שוין, עס פעלט בלויז אַ באַנק־ביכעל............ 15—18
אַי, ווען איך האָב אַ קאַר !............................ 19—21
ס׳איז גלענצענד, — איך ווער אַ שוך־פּוצער.................. 22—24
שווער צו ווערען אַ מיליאָנער............................ 25—28
איך לעב פון שמחות...................................... 29—31
אויף דער שוועל פון אַ קאַריערע.......................... 32—34
איך גיב אַ לעקציע מיינע גרינע חברים...................... 35—37
פאַרלאָזען זיך אַ באָרד, אָדער ניט פאַרלאָזען ?............... 38—40
אַי, ווען איך בין גאָווערנאָר !........................... 41—43
אויף דער יבשה גייט שווער, אפשר וועט אויפן וואַסער גיין גרינגער ?.... 44—47
איך זוך פּרנסה אין קוני איילאנד........................ 48—50
אפשר ריעל עסטייט ?..................................... 51—53
אינשורענס־קאָמפּאַניס רייסען זיך איבער מיר.................. 54—56
כ׳גיי ווערען אַ בעיבי־סיטער............................. 57—59
ס׳איז גוט צו זיין אַ בעיבי־סיטער, אָבער די בעיביס שטערען.......... 60—62
נו, וואָס ווייטער ?...................................... 63—64
איך שטיי אין שידוכים.................................... 65—67
איין שידוך איז בעסער פאַר׳ן צווייטען...................... 68—70
מען רעדט מיר אַ שידוך אויף דער סעמעטערי.................... 71—74
אין פּאָבליק לייברערי.................................... 75—78
איך הויב מיך אָן אויסצוגרינען............................ 79—85
אַ שידוך אין די „הויכע פענסטער"........................ 86—89
מיין לעצטע פּראָבע....................................... 90—92
אַז דער סוף איז גוט, איז אַלץ גוט......................... 93—96

צוליב טעכנישע סיבות איז דאָס דאָזיגע בוך נישט געזעצט געוואָרן
מיט דער נייער אָרטאָגראַפיע.

הילע געצייכנט פון פ. ש ו ל ד ע נ ר י י ן

# מזל טוב, כ'בין שוין אין ניו־יאָרק!

נו, איר קענט מיר אָפּגעבען מזל־טוב, כ'בין שוין אין ניו יאָרק!

דאַכט זיך, כ'האָב מיט ניו יאָרק געטראָפען, הלואי זאָל אַזוי ניו יאָרק האָבען מיט מיר געטראָפען. אַ וואויל שטעטעל ניו יאָרק, ס'איז דאָ וואָס אָנצוקוקען. קוק איך אַרויף, האָב איך וואָלקענקראַצערס; קוק איך אַראָפּ, האָב איך סאָבוועיס, און קוק איך אײַנגאַנצען נישט, פאַרט אויף מיר אַרויף אַ באָס און וויל מיך צעקוועטשען! אָבער — נישט געפערליך, איך לאָז מיך נישט צעקוועטשען פון קיין באָסעס; מ'האָט מיך נישט צעקוועטשט אין אייראָפּע, וועט מען מיך אין אַמעריקע אַוודאי נישט צעקוועטשען!

איין צרה איז נאָר, וואָס ס'איז דאָ ענג. עפּעס אַ ווערטעלע, אַ שטאָט פון אַכט מיליאָן מענשען, קיין עין הרע. נישט אַלע זיינען גרינע, — עס דרייען זיך אַרום אַביסעל היגע אויך. מילא, מיט די גרינע פאַרנעמט זיך דער האַיאַס, אָבער די היגע איינגעזעסענע זיינען געבליבען אינגאַנצען אויף הפקר!

און צוליב דער ענגשאַפט איז טאַקע זעהר שווער צו באַקומען אַ וואוינונג. איך מיין, אַז ווען מען שיקט אַרויס פון ניו יאָרק די היגע איינגעזעסענע און מ'לאָזט איבער בלויז די גרינע, וואָלט געווען אַ סך גראַמער. און די גרינע וואָלטען שוין צווישען זיך דורכגעקומען. מ'וואָלט זיך איינגעטיילט מיט די גאַסען און מיט די סעקשאַנס. ס'קומט אָן אַ שיף מיט גרינע — נאָט אייך די גאַנצע פינפטע עוועניו. נעמט און מופט אַריין! ס'קומט אָן אַ צווייטע שיף, — נאָט אייך פּאַרק עוועניו און זאָל אייך זיין צום געזונט! און די היגע? — די היגע וואָלט איך באַזעצט אויף דער פּראָווינץ.

גאָר גאָרנישט, אַ דירה, — יאָק אַ דירה, אָבער ווען ס'וואָלט מיר נאָר נישט געווען אַזוי קאַלעמוטנע אויפ'ן הארצען. אַ שטאָט, אָן עין הרע, פון אַכט מיליאָן מענשען, און פונדעסטוועגען פיל איך מיך איינזאַם. נישטאָ מיט וועמען אַ וואָרט אַרויסצורעדן. מיין שטומע צונג דער'הרג'עט מיך. גיי רעד ענגליש, אַז מען פאַרשטייט ניט מ י י ן ענגליש. און רעדט מען צו מיר אידיש, פאַרשטיי איך נישט ס'ה י ג ע אידיש! און ווער רעדט דען דאָ אידיש? די

גוֹיִם, נעבעך, קענען נישט רעדען, און די אידען ווילען נישט רעדען! און ס'בענקט זיך מיר אַזוי נאָך אַ ווארעם וואָרט, אַז ס'חיות גייט מיר אויס. און הער איך שוין יאָ פון עמיצען אַ ווארעם וואָרט, הער איך נאָר: מינק־קאָוט אָדער פוירזשען לעם!

מיינט איר אפשר, אַז כ'האָב נישט קיין משפחה דאָ? האָט איר אַ טעות! כ'האָב פעטערס! שאַ, וויפיל האָב איך? נישט איינס, נישט צוויי, נישט דריי, נישט פיר... כ'האָב אפשר נישט־אַכט, נישט־ניין פעטערס... און אַלע זיינען זיי געקומען צו דער שיף מיך אָפּנעמען. און באַלד ביים צעקושען זיך, האָבען זיי מיר געזאָגט: מענדעל, זאָרג גאָרנישט וועגען אונז! מיר מאַכען אַלע אַ לעבען, און מיר וועלען דיר, חלילה, נישט פאַלען צו לאַסט!

דערנאָך האָט זיך אָנגעהויבען אַ מלחמה צוליב מיר. דער פעטער האָט געוואָלט, כ'זאָל פאָרען צו אים, און דער פעטער האָט געוואָלט, אַז כ'זאָל פאָרען צו אים; ביז איין פעטער האָט זיך אריינגעלייגט און געמאַכט אַ פשרה: קינדער, האָט ער געזאָגט, לאָמיר נישט איינרייסען מיט'ן האיאָס, זאָל אים שוין בעסער דער האיאָס נעמען! און דער האיאָס האָט מיך טאַקע גענומען! ביים געזעגענען זיך, האָט יעדער פעטער מיר אָנגעזאָגט: געדענק, מענדעל, אַז דו וועסט עפּעס דאַרפען, זאָלסטו למען השם קומען צו מיר! נאָר וואָס דען? די אַדרעסען האָבען זיי מיר נישט איבערגעלאָזט!

מילא, בין איך טאַקע אויף צרות! געקומען בין איך, ווי כ'גיי און כ'שטיי! מען שאָרט דאָ, האָט מען מיר געזאָגט, גאָלד אין די גאַסען! דערווייל בין איך געווען אויף עטלעכע סטריט, האָב איך געזען, אַז נישט נאָר גאָלד, נאָר אפילו די בלאָטע שאָרט מען דאָ אויך נישט!

נאָר גאָרנישט, גאָלד־שמאָלד, הונגערן הונגער איך נישט. צו קייען איז, ברוך השם דאָ: איך קיי טשואינג גאָם. אַלע קייען, קיי איך אויך.

וואָס אָן אמת, דעם טעם וויים איך נאָך נישט דערפון. ס'איז געזאַלצען און ס'פעלט זאַלץ, ס'איז זים און ס'איז נישט געצוקערט. אָבער דער ענין געפעלט מיר. כ'באַצאָל אַ פעני און כ'אַרבעט מיט'ן מויל אפשר פאַר פינף טאָלער. און אַז כ'טשעפּע מיך צו צו אַ שטיקעל קיי־גומי, קען איך מיך גאָר־נישט אָפּטשעפּען דערפון. ס'איז דאָך אַ מעשה אָן אַ סוף. עס קלעקט מיר אויף גאַנצע שטונדען. פאַר איין פעני קיי איך פון די בראָנקס ביז ברוקלין אין סאַבוועי, דערנאָך קיי איך אַ האַלבע שעה אין באָס, און שפּעטער ווען כ'קום אַהיים און כ'זע מיין באַלעבאָסטע — שפּיי איך אויס!

אין אַלגעמיין געפעלט מיר אַמעריקע, נאָר דאָס, וואָס דער עולם איילט זיך דאָ אַזוי, — לייגט זיך מיר עפּעס נישט אויפ׳ן שכל! קיינער האָט נישט קיין צייט! וואָס מער דו האָסט נישט קיין צייט, אַלץ חשוב׳ער ביזטו! און האָסטו שוין יאָ צייט, מוזטו מאַכען דעם אָנשטעל, אַז דו האָסט נישט קיין צייט.

אַלץ לויפט און אומעטום לויפט מען. אַז איר לויפט אַריין אין אַ מואווי, לויפט דאָרט צוערשט איין פּיקטשור, דערנאָך לויפט אַ צווייטע פּיקטשור, און אַז ביידע פּיקטשורס זיינען אָפּגעלאָפען, לויפט ערשט אויפסניי אַ וואָדעוויל. אָט אַזוי לויפט דורך די צייט און שפּעטער לויפט מען אַהיים.

הכלל, מען לויפט און מען כאַפּט. אַלץ איז דאָ כאַפּעריי. מען כאַפּט אַ סענדוויטש, מען כאַפּט אַ סאָבוועי, מען כאַפּט אַ באָס, מען כאַפּט אַ פּעיפּער, מען כאַפּט אַ קאָלד און אַזוי כאַפּענדיג, כאַפּט מען דערוויַיל אַ פּאָר טאָלער אויך!

אַוואָדע בין איך נאָך אַ גרינער און ס׳איז מיר שווער זיך צוצוגעוואוינען צו די נייע מנהגים, אָבער צוביסלעך כאַפּ איך שוין. די מאַפּע פון ניו יאָרק קען איך פון אויסענווייניג, כ׳האָב שוין כמעט די גאַנצע שטאָט אויף דער האַנט. כ׳ווייס שוין, אַז די סטריטס לויפען אין דער לענג, און די עווענױס לויפען אין דער ברייט. און אַז כ׳וויל אַריבערגיין די גאַס ,לייג איך מיך אין דער לענג און אין דער ברייט, אַז מ׳זאָל מיך נישט איבערפאָרען. די גאַנצע שטאָט איז ווי אַ שאַך-ברעט, און די מענשען זיינען די פיגורען. קוים מאַכסטו ביים אַריבערגיין די גאַס איין שלעכטען צוג, ביזטו מאַט און מען מאַכט דיר אויס פיגור! מיט די ליכט-סיגנאַלען בין איך אויך היימיש. איך ווייס שוין, וואָס יעדער סיגנאַל באַדייט. די רויטע קאָליר איז באַשטימט פאַר די היגע איינגעזעסענע, די גרינע קאָליר איז פאַר אונז, גרינע.

אַמבעסטען פון אַלעם געפעלט מיר די היגע מאָדע פון אויטאָמאַטען. אַלץ איז דאָ אויטאָמאַטיזירט. דער קאָפּ איז דאָ איבעריג. דער אויטאָמאַט אַרבעט שוין. מיט צוויי פינגער און מיט איין ניקעל קען מען דאָ אויפטאָן אַ וועלט. מען וואַרפט אַריין אַ ניקעל, — רעדט מען טעלעפאָניש; מען וואַרפט אַריין אַ ניקעל, — באַקומט מען אַ גלאָז קאַווע; מען וואַרפט אַריין אַ ניקעל, — שפּרינגט אַרויס אַ סטעמפּ. הכלל, וואָס איז דאָ אַ סך צו רעדען? — ס׳אַ נחת צו וואוינען אין אַ לאַנד, וואו איר וואַרפט אַריין און מען וואַרפט אייך נישט אַרויס!

# איך מעסט די גאַסן און שעפּ נחת

ווי לאַנג בין איך דען דאָ אין ניו יאָרק? — אַ גאָרנישט מיט אַ גאָרנישט! און פונדעסטוועגען האָב איך שוין אַ דזשאַב!

ס'הייסט דעם דזשאַב גופא האָב איך נאָך נישט, אָבער כ'בין אויפ'ן וועג צו באַקומען אַ דזשאַב. אויפ'ן וועג? — ס'רעדט זיך נאָר אַזוי: „אויפ'ן וועג". וואָס מיינט איר, עס שטייען אויפ'ן וועג אויסגעשטעלט דזשאַבס און יעדער גרינער גייט-צו און נעמט זיך?

נאָר וואָס-זשע דען-זשע? — כ'האָב האָפענונגען צו געפינען פּראָטעקציע, אַז מ'זאָל מיר געבן אַ טשענס, כ'זאָל קריגן אַן אָרט וואו מען גיט דזשאַבס.

וואָס פאַר אַ דזשאַב? — פרעגט מיך אַ גרינגערע זאַך! וואָס איז מיר דען אַ חילוק? — אַז מען קומט קיין אַמעריקע, מוז מען סיי-ווי אָנהויבן אויפ-ס'ניי. ווייס איך טאָקע נישט ביי וואָס אָנצוהויבן, ווייל כ'האָב שוין פאַרגעסן ביי וואָס כ'האָב געענדיגט!...

דעם אמת געזאָגט, האָב איך נישט קיין שום פּראָפעסיע. די איינציגע פּראָפעסיע וואָס איך האָב יאָ, איז — אַרבעטסלאָזיגקייט. לעולם איז עס אַ גאַנץ גוטע פּראָפעסיע; מען אַרבעט זיך דערביי נישט איבער און מען האַרף נישט דערצו קענען קיין ענגליש. אָבער די קאָנקורענץ איז זעהר גרויס און פּרנסה איז שווער צו האָבן דערפון. ווען כ'האָב נאָך צו דער דאָזיגער פּראָפעסיע אַ נעבען-דזשאַב, — וואָלט איך שוין ווי עס איז געהאַט פּרנסה!

אָבער איך זאָרג ניט, חלילה. עפּעס וואָס וועט זיך שוין מאַכן. און אַז מען זוכט, — געפינט מען. אַז מען געפינט נישט אין מאַנהעטען, זוכט מען אין ברוקלין; אַז מען געפינט נישט אין ברוקלין, זוכט מען אין די בראָנקס; און אַז מען געפינט נישט אין די בראָנקס, זוכט מען ווידער אין מאַנהעטען, כ'זע שוין, אַז מען ווערט נישט פאַרלוירען אין ניו יאָרק!

לויף איך טאָקע אַרום און זוך. ס'הייסט, כ'לויף נישט, — כ'גיי פּאַוואָליע. וואָס האָב איך מיך צו איילען, אַז כ'וועל פריער, וואָס מ'וועט מיר ענטפערן. אומעטום זאָגט מען מיר: „קומט אַ צווייט מאָל!" מאַך איך עס בעסער און

כ'זאָג: „העלאָו, כ'בין שוין ווידער דאָ!" מאַכען זיי עס נאָך בעסער און זאָגען: „גוד-באַי, קומט אַ דריט מאָל!"...

נו, מיינט איר, אַז כ'קום נישט? — איך קום, איך קום! כ'וועל אַזוי לאַנג קומען, ביז כ'וועל ערגיץ פאַרבלייבען. יענע וואָך בין איך טאַקע געווען אויף אַן אָרט, האָט געפעלט אַ האָר, כ'זאָל בלייבען.

— איך נעם אייך אַריין, — זאָגט צו מיר דער באַלעבאָס, — אָבער צאָלען קען איך אייך גאָרנישט.

זאָג איך אים:

— ס'איז צו-וויינינג! אפשר קענט איר מיר עפּעס דערלייגען?

— איר חוצפּה'ניק, וואָס איר זענט! כ'האָב אייך נאָר-וואָס צוגענומען צו דער אַרבעט און איר מאָנט ש ו י ן אַ רעיז?! גייט, כ'האָב נישט קיין דזשאָבס!

ס'קען זיין, אַז ווען כ'וואָלט געהאַט עפּעס אַ באַשטימטע פּראָפעסיע, וואָלט איך שוין היינט געזעסען אויף אַ צוויי-דריי הונדערט טאָלער אַ וואָך; אָבער אַזוי ווי איך האָב נישט קיין באַשטימטע פּראָפעסיע, האָב איך נישט אויף וואָס צו זיצען!

מ'האָט מיר פאַרגעלייגט צו ווערען אַ שניידער. זאָל זיין אַ שניידער. כ'האָב געהערט, אַז אַזוי גייט עס דאָ: אויב מ'קען נישט קיין פאַך, ווערט מען אַ שניידער. ביי שניידעריי איז נישט קיין חסרון אויב מ'קען נישט. כ'מאַך קאַליע איין סוט, נאָך אַ סוט, אַ דריטען סוט, ביז איך לערן מיך אויס און כ'זוך מיר אַן אַנדער פּראָפעסיע. און דער באָס פון דער פעקטאָרי נעמט דער-נאָך די קאַליע-געמאַכטע סוטס און פאַרקויפט זיי אויף אַ „סעיל" און ער פאַר-צוקערט ס'ביסעל סחורה...

איז אָבער די מעשה די, וואָס מ'כאַפּט אייך נישט אויף היינט אַזוי שנעל צו שניידעריי. ס'אַ ביטערער סעזאָן. מיט אַ פּאָר יאָר צוריק, — זאָגט מען, — האָט מען דאָ געריסען הויזען פון די הענט, מ'האָט נישט געקענט דעריאָגען, איידער די הויזען זיינען.נאָך געווען פאַרענדיגט, זיינען שוין די קאַסטימערס געווען מיט די פיס אין די הויזען. און היינט ליגען די הויזען און וואַרטען אויף אַ פוס, ווי אויף משיח'ן. ס'אומגליק איז, וואָס עס זיינען דאָ מער „הענט" ווי פיס... כ'בין געווען אין איין שאַפּ, האָב איך דאָרט געטראָפען נייינצען אַר-בעטסלאָזע. האָב איך מיך געבעטען: נעמט'ס מיך צו, וועט איר האָבען אַ גלייכען חשבון, — צוואַנציג! זאָגען זיי: ניין! זוכט אייך עפּעס אַנדערש!

נו, זוך איך עפּעס אַנדערש.

מ׳האָט מיר פאַרגעלייגט זייגערמאַכעריי. זאָל זיין זייגערמאַכעריי. כ׳זאָג נישט, אַז כ׳בין דער גרויסער למדן אין זייגערמאַכעריי. אָבער אַביסעל פאַרשטיי איך דעם סוד. כ׳ווייס, אַז איין מאָל אין פיר און צוואַנציג שעה, דאַרף מען אַנדרייען אַ זייגער; און אַז מען דרייט אים אָן, גייט ער; און אויב ער גייט נישט, גיט מען אים צו פאַרריכטען, ווייל ער איז קאַליע, און ביי קאַליעדיגע זייגערס נעם איך מיך אונטער צו אַרבעטען. וואָס האָב איך דאָ צו ריזיקירען, כ׳וועל זיי קאַליע מאַכען ?!

האָט דער באַלעבאָס, דער זייגערמאַכער, אויסגעהערט מיין דרשה, מיך צוגערופען צו דער וואַנט, געוויזען אויף אַ זייגער און זאָגט צו מיר אַזוי :

— מיסטער, כ׳האָב פאַר אייך אַ פאָרשלאָג. טוט נאָך דאָס זעלבע, וואָס דער דאָזיגער זייגער טוט !

— וואָס אַזוינס, — פרעג איך, — טוט דער דאָזיגער זייגער ?

— ער לויפט !... טוט מיר אַ טובה און לויפט אויך !... אָבער שוין !...

האָב איך אים געפאָלגט און איך לויף נאָך ביז איצט. איך לויף אַרום און זוך אַ דזשאָב. אַלע זאָגען, אַז כ׳וועל זיין אַלרייט, כ׳וועל מאַכען אַ לעבען.

סוף כל סוף איז דאָך נישט דער עיקר — דער דזשאָב ; דער עיקר זענען די אויסזיכטען, און אויסזיכטען האָב איך !

אַלע זאָגען מיר צו. און כ׳האָב שוין אַזוי פיל צוזאָגען, אַז כ׳נעם שוין מער נישט אָן. כ׳וויל נישט איינרייסען קיין וועלט. כ׳בין נישט דער גרויסער באַדאַרפער, כ׳האָב גענוג איין דזשאָב. נאָר וואָס דען, — כ׳האָב אים נאָך נישט !

נוץ איך דערווייל אויס די פרייע צייט און כ׳מאַך מיר יעדען טאָג אַ „דעיאָף“. מענשען האָבען מיר שוין געזאָגט, אַז דאָ אין ניו יאָרק, כל זמן מ׳איז אַרבייטסלאָז, דאַרף מען געניסען פון לעבען ; ווארום שפּעטער, אַז מ׳הויבט אָן צו אַרבייטען, האָט מען שוין קיין צייט נישט ; מען יאָגט פון זיך די קישקעס אַרויס.

וויל איך אייך טאַקע זאָגען, ווי אַזוי עס גייען מיר דורך די טעג.

אַ פּאָר שעה גיי איך אַרום ליידיג, דערנאָך מאַך איך אַ פויזע און כ׳גיי ווידער אַרום ליידיג, די פויזע ראַטעוועט מיך, אַ נישט וואָלט איך משוגע געוואָרען פון ליידיג גיין !

אַ גאַנצען טאָג האָב איך מיך היינט אַרומגעדרייט אין אַ דעפּאַרטמענט סטאָר. שוין איינמאָל אַ סטאָרקע! אויף מיר געזאָגט, אָן זייער שאָדען! כ׳ווייס גאָרנישט ווען זיי קאָנען דאָס אַלץ פאַרקויפען?!

געקויפט האָב איך גאָרנישט. כ׳קאָן מיר נאָך נישט ערלויבען. בין איך אַרומגעקראָכען און אַריינגעטראַכט אין די ביזנעס. כ׳האָב געטראַכט: יעדער איינער אין אַמעריקע קאָן זיך דאָך אַרויפאַרבייטען צו אַזאַ ביזנעס. מ׳דאַרף בלויז האָבען געדולד, און אפשר אויך — אַ ביסעל קאַפּיטאַל. געדולד האָב איך, ווען כ׳קריג נאָך אַ שותף מיט קאַפּיטאַל, — עפּען איך מיר אויך אויף אַזאַ מאַכערייקע.

און אַז מ׳וויל, איז עס גאָרנישט אַזאַ גרינגע ביזנעס. מ׳דאַרף האָבען אַ קאָפּ אויף שרויפען. די גאַנצע קונץ ביי אַ דעפּאַרטמענט סטאָר איז, צו זיין אויבען און צו וויסען וואָס עס טוט זיך — אונטען. און פון אויבען ביז אונטען איז פאָלג מיך אַ גאַנג! מ׳קאָן פאַרבלאָנדזשעט ווערען!

איך בין אַ מענש, וואָס בין שוין אויסגעווען אַ וועלט, איך אָריענטיר מיך אומעטום, און פונדעסטוועגען בין איך אויך שיער פאַרבלאָנדזשעט געוואָרען און נישט געוואוסט וואו אַרויסצוקומען. כ׳בין געפאָרען מיט עלעקטרישע טרעפּ — אַראָפּ, האָבען זיי מיך געפירט — אַרויף. וואָס נידעריגער כ׳בין געפאָרען, אַלץ העכער בין איך געווען. דער סוף איז געווען, אַז כ׳בין אַראָפּ צו פוס; און אַז כ׳בין שוין ענדליך, געווען אונטען, האָב איך דערזען, אַז כ׳בין — אויבען!

אין איינוועגס בין איך שוין געכטען אויך געווען אין רעדיאָ-סיטי. ס׳איז דאָ וואָס צו זען, נאָר ס׳איז פינסטער. אין דרויסען איז אַ סך ליכטיגער ווי אינעווייניג.

מ׳האָט דאָרט געוויזען אַ בילד, נאָר איך האָב מיך נישט צוגעהערט. וואָס וועל איך הערען, אַז כ׳פאַרשטיי נישט?! האָב איך געבעטען מיין שכן, ער זאָל מיר איבערזעצען; האָט ער געפרעגט ביי אַ צווייטען שכן, וואָס איך וויל; האָט דער דריטער שכן געזאָגט „זאָל זיין שטיל!" האָט דער פערטער שכן גענומען, זיך אויפגעהויבען און אַרויסגעגאַנגען. האָב איך געזען, אַז ס׳איז אַרויסגעוואָרפען מיין הערען, האָב איך אויף טשיקאַוועס גענומען ציילען וויפיל פלעצער ס׳איז דאָ. אָבער ווער האָט כוח איבערצוציילען די פלעצער אין אַזאַ זאַל? — ביי 720 בין איך געבליבען שטיין. זאָלען אַנדערע גרינגע שוין צו-ציילען די רעשט!

און אַז כ'האָב צייט, וואָס וועל איך מיר זשאַלעווען, — בין איך אויך גע־גאַנגען אין זאָאָלאָגישען גאָרטען, כ'האָב מיך אַרומגעדרייט אפשר אַ האַלבען טאָג אין אַ געזעלשאַפט פון חיות. איך האָב געקוקט אויף זיי, און זיי האָבען געקוקט אויף מיר. זיי האָבען מיך מקנא־געווען, וואָס כ'בין אינדרויסען און כ'דריי מיך אַרום ליידיג; און איך האָב זיי מקנא־געווען, וואָס זיי זיינען אינעווייניג און האָבען דזשאָבס.

ווי לאַנג דען ווי די דאָזיגע גרינע חיות זיינען געקומען, און זיי האָבען שוין וואוינונגען, זיי האָבען שוין צו עסען! זיי דאַרפען נישט אָנקומען צום האָיאָס.

און קוקענדיג אויף זיי, האָב איך מיר געטראַכט: „אַי, טאַטעניו! וואָס וואָלט מיר געפעלט ווען איך בין היינט אַ חיה? און טאָמער אפילו בין איך נישט קיין חיה, איז אויך נישט קיין אומגליק! זאָל מען מיך נאָר דאָ אָנשטע־לען, נעם איך מיך אונטער יעדע אַרבייט! אַ דריי טעג אין דער וואָך, וואָלט איך געווען אַ לייב; אַ צוויי טעג אין דער וואָך וואָלט איך געקאָנט זיין אַ בער; און אין די וויק־ענדס — אַ העלפאַנט! און טאָמער וואָלט די לאַנגע נאָז מיר נישט געפּאַסט צום פּנים, — איך אויך דאָ אַן עצה: אין אַמעריקע פיקסט מען נעזער!

אָט אַזוי טראַכט איך אַריין גאַנצע טעג! פון וואַנען נעמט זיך עס? — פון ליידיג גיין! און פון ליידיג־גיין קאָן אַרויסקומען ווייס איך וואָס! מאָלט אייך, אַז כ'האָב נישט געהאַט וואָס צו טאָן, בין איך אַריינגעפאַלען אויף טאַימס סקווער אין אַ שרייענדיגער סטאָר, וואו ס'איז דאָ אַ קאַבינע וואו מען רעדט אַריין פאַר אַ קוואָדער און עס מאַכט זיך אויפ'ן אָרט אַ רעקאָרד פון דער אייגענער שטימע.

געזען דאָס ביידעל, בין איך אַריין און אַריינגערעדט גאַנצע זעכציג סעקונדען. וואָס האָב איך צו רעדען? — האָב איך גערעדט וועגען דער לאַגע! כ'האָב געזאָגט: „ס'איז שלעכט! ס'איז ביטער! ס'איז פאַסקודנע! וואָס טוט מען? וואָס מאַכט מען? וואו גייט מען? וואו זוכט מען?"

באַלד דערנאָך האָב איך געהערט דעם רעקאָרד און כ'האָב ממש געשעפּט נחת. ס'קאָסט מיך טאַקע אַ קוואָדער, אָבער — ס'איז ווערט! . . . גוד באַי!

# אַ באַנק האָב איך שוין, — עס פעלט מיר בלויז אַ באַנק־ביכעל!

העלאָ, כ׳בין שוין ווידער דאָ!

און אַז כ׳בין דאָ, איז אַ סימן, אַז כ׳האָב צייט; און אַז כ׳האָב צייט, איז אַ סימן, אַז כ׳האָב נאָך נישט קיין דזשאָב, און, אַז כ׳האָב נאָך נישט קיין דזשאָב, נעם איך מיר אויך נישט צום האַרצן, — זאָל זיך מיר דאַכטן, אַז כ׳האָב יאָ, נאָר ס׳איז „סלעק״!

ס׳האָט געפעלט אַ האָר, אַז כ׳זאָל ווערן אַ באַרבער. עקספּיריענס האָב איך דאָך: כ׳ראַזיר מיך שוין צוואַנציק יאָר און ס׳גייט גאַנץ גלאַטיק.

כ׳בין געווען אין אַ באַרבער־שאַפּ זיך נאָכפרעגן אויף אַ דזשאָב. מ׳האָט מיר פאָרגעלייגט אָדער מענער־אַרבייט, אָדער דאַמען אַרבייט. ביי מענער־אַרבייט צאָלט מען פון פּנים, ביי דאַמען־אַרבייט — פון קאָפּ. מיר איז, אייגענטליך, אַלץ איינס; זאָל זיין פון פּנים, זאָל זיין פון קאָפּ, — אַבי פּרנסה!

אָבער דערווייל איז גאָרנישט געוואָרן דערפון, — מ׳דאַרף האָבן „לאַיסענס״. און איך האָב נישט קיין קאָפּ דערצו. אויף איין אָרט הייסט מען מיך נעמען ל אַ י ס ע נ ס אויף ראַזירן, אויף אַן אַנדער אָרט הייסט מען מיך נעמען ל ע ס אָ נ ס אויף ענגליש. בין איך שוין אינגאַנצן צעדרייט. כ׳ווייס נישט וואָס פריהער: צי זאָל איך נעמען לאַיסאָנס, צי — לעסאָנס?!...

לעסאָנס נעם איך דאָך. כ׳גיי אויף אָווענד־קורסען. ס׳גייען דאָרט בלויז גרינע. איינער פון אונז איז אַ געלער, — איז ער אויך אַ „גרינער״!

כ׳וועל אייך זאָגן דעם ריינעם אמת, אַז קיין גרויסע זיבען זאַכען האָב איך נאָך פון די לעסאָנס נישט געכאַפּט. כ׳ווייס נישט, צי א י ך טויג נישט, צי דער ל ע ר ע ר טויג נישט? און אפשר טויגן מיר ביידע נישט! וואָרום, דאַכט זיך, אַז דער לערער גופא איז אויך אַ גרינער!

כאַפּ איך אויף יעדער לעקציע קוים — עפּעס. כ׳גיי אַהיים מיט אַ וואָרט, מיט צוויי ווערטער, און וואָס פאַר אַ ווערט האָט אַ וואָרט? — גאָרנישט! בפרט נאָך — דאָ, אין אַמעריקע

גלויבט מיר, אַז פון אַרומלויפן זוכען אַ דזשאָב לערן איך מיך מער ענגליש, ווי — אויף די קורסען. פון די בלויזע ענטפערס, וואָס מען גיט מיר,

האָב איך שוין שפּאַר געלערנט, איינער ענטפערט מיר „נאָו סער". אַ צווייטער ענטפערט: „סאָרי"; אַ דריטער ענטפערט: „גאָ העט!"... אין דער אַלטער היים האָט מען געפלעגט זאָגן „גוי גמור" און דאָ זאָגט מען — „גוי העט"! מילא, זאָל זיין אַזוי; כ'וועל דאָך נישט גיין איבערמאַכן אַמעריקע, ס'איז נישט פאַר מיינע כוחות!

און דערווייל בלאָנדזשע איך אַרום און איך זוך. כ'בין גרייט אָנצונעמען יעדען דזשאָב. אַפילו — שווארצע אַרבייט. מ'קאָן זיין אַ גרינער, און מ'קאָן טאָן שווארצע אַרבייט. איין פּרואוו האָב איך שוין געמאַכט, אָבער כ'בין דורכגעפאַלען. אין איין פעקטאָרי האָט מען מיר געגעבען צו טראָגען פיר קאַסטענס, האָב איך מיר שיער ס'האַרץ אָפּגעריסען. האָב איך געזאָגט דעם באַלעבאָס: „פיר אַזעלכע קאַסטענס פאַר איין גרינעם, איז צו-שווער! מ'דאַרף האָבען פיר גרינע צו איין קאַסטען!"

האָט דער באַלעבאָס מיך געטרייסט און געזאָגט: „טעיק איט איזי!" איר פאַרשטייט די טרייסט? — איך שלעפּ דעם פיר הונדערט-פונטיגן קאַסטן, און ער זאָגט מיר „טעיק איט איזי"...

האָב איך געזען, אַז די ביזנעס וועט נישט טראָגען, האָב איך מיך באַלד אַרויסגעלאָזט דערפון, נאָך איידער כ'האָב מיך אַריינגעלאָזט. כ'האָב געזען, אַז ס'איז אַ שווערע פּרנסה און כ'וועל מיך קיינמאָל נישט אַרויפאַרבייטען; און אויב כ'וועל מיך יאָ אַרויפאַרבייטען, וועט מען מיר דערלייגען נאָך אַ קאַסטען, אָבער נישט קיין פאַר טאָלער...

בין איך געפאַלען אויף אַן אַנדער פּלאַן: פּיקעטס.

כ'בין פאַרבייגעגאַנגען די פערציגער גאַסען, האָב איך געזען ווי עטליכע מענשען פּיקעטירען אַ רעסטאָראַן; האָב איך מיך נישט געפוילט, כ'בין אַריין צום באַלעבאָס און אים געזאָגט:

— מיסטער, איך קאָן עס אויך מאַכען, און כ'וועל אייך נישט רעכענען טייער, אָבער אונטער איין באַדינג: אייער פירמע וועל איך טראָגען פון פאָרענט, און אויף דער פּלייצע וויל איך מיר נעמען אַן אַנדער פירמע!

האָט דער באַלעבאָס מיר געענטפערט: „ווייסט איר וואָס? — נעמט אייך פון פאָרענט און פון הינטען צוויי אַנדערע פירמעס, און מיך לאָזט אײַנגאַנצען אַרויס!"

אַט אַזאַ מזל האָב איך! געפינען איך שוין אַ גוטען דזשאָב, איז דער באַלע-באָס נישט מסכים; געפינען איך שוין אַ באַלעבאָס וואָס איז יאָ מסכים, — האָט ער נישט קיין דזשאָב!

איצט טראַג איך מיך אַרום מיט אַן אַנדער פּלאַן, און אַז עס וועט מיר געלינגען, וועל איך זיין אָקעי. איך וויל ווערען אַן אויסשרייער פאַר אַ מואווי, — אַ „באַרקער" רופט מען עס דאָ.

אַזאַ דזשאָב דאַרף זיין, על פּי שכל, אי לייכט אי פּראַקטיש און אי אינטע-רעסאַנט. מען טוט מיר אָן יעדען אָווענד אַ „גענעראַלסקע מונדיר" און איך דאַרף אָפּשטיין עטליכע שעה אינדרויסען פאַר דער מואווי און שרייען עטליכע ווערטער: „דהי שאָו איז גאָאינג אָן!", „דהי שאָו איז דזשאָסט בעגינינג!"

אַזאַ דזשאָב האָט אַלע מעלות: מען צאָלט גוט געלט פאַר אַ פּאָר געציילטע ווערטער, מען קאָן אַריינגיין זען די מואווי אומזיסט, מען שפּאָרט זיך איין צו קויפען מלבושים, ווייל מ׳קאָן טראָגען דעם מונדיר ביי־טאָג אויך. און אַז מען קומט אַריין ערגעץ זוכען אַ דזשאָב אין אַ „גענעראַלסקע מונדיר", האָט מען פאַר אייך דרך ארץ און קיינער וועט אייך נישט אָפּזאָגען צו געבען אַ שטעלע.

און אַז מ׳וויל רעכענען, האָב איך שוין עפּעס יאָ דערגרייכט, — כ׳האָב שוין אַ באַנק! ס׳הייסט, ניט קיין באַנק אין אַ בילדינג, נאָר אַ באַנק אין אַ פּאַרק. זיץ איך האַלבע טעג אויף דער באַנק און דער קאָפּ אַרבייט: אַי, טאַטעניו, אַ באַנק האָב איך שוין, עס פעלט מיר בלויז אַ באַנק-ביכעל!

און אַז מען זיצט אויף אַ באַנק און מען קוקט אין הימעל אַריין, קומען אין קאָפּ פאַרשיידענע מחשבות און פאַרשיידענע פּלענער. ווי שייך וועט זיך ניט עפּעס אויספּיקען דערפון?

אַט זע איך, ווי עס פליט מיר איבער׳ן קאָפּ אַן עראָפּלאַן און מאַכט אויפ׳ן הימעל אַ רויך-רעקלאַמע פון סעלצער-וואַסער. דער עראָפּלאַן פליט — און דער רויך שרייבט, ס׳הייסט, ניט דער רויך שרייבט, נאָר מסתמא זיצט עמיצער צוזאַמען מיט׳ן פּיילאָט און יענער שרייבט.

טראַכט איך מיר: ווען מען גיט מיר אַזאַ דזשאָב, בין איך אַ געמאַכטער מענש! ערשטענס, איז עס אַ לופטיגע אַרבייט. כ׳פלי מיר אַרום יעדען טאָג אויף אַ צוויי-דריי שעה צו די וואָלקענס, איך זאַפּ מיר איין אַ פרישע ביסעל לופט און כ׳קום צוריק אין אָוונט אויף סאַפּער. און צווייטענס, — ס׳איז אַ לייכטע אַרבייט. מ׳לאָזט אַרויס אַ ביסעל רויך, מען שרייבט אָן אַ פּאָר ווער-טער און — פּטור אָן עסק. און אַז מ׳האַלט שוין ביי שרייבען, בין איך אינ-

דערהיים. איך האָב זעהר אַ שיינע האַנטשריפט; איך וואָלט אויסקאַליגראַ־פירט דעם הימעל, אַז עס וואָלט געווען אַ נחת צו לייענען.

און זיצענדיג אַזוי און קוקענדיג אויפ'ן שרייבענדיגען עראָפּלאַן, האָב איך געמאַכט פּראָבע און אויך גענומען שרייבען מיט דער האַנט אין דער לופטען.

פּלוצים דערפיל איך ווי איינער כאַפּט מיך אָן ביי דער האַנט און זאָגט צו מיר: „מיסטער, ארבייט ניט אַזוי שטאַרק מיט די ידים! לאָזט נאָך אַ אידען זיצען!"

האָב איך שוין, הייסט עס, אַ שותף צו דער באַנק!

זאָג איך צו מיין שכן:

— פּעטער, אפשר האָט איר עפּעס אַ דזשאָב?

ענטפערט ער מיר:

— אַפילו ווען כ'וואָלט געהאַט, וואָלט איך אייך אויך ניט געגעבען. כ'דאַרף אליין האָבען אַ דזשאָב, — כ'בין אויך אַ גרינער!

דערהערט, אַ גרינער, האָב איך קודם כל געמאַכט מיט אים אַ ביזנעס: איך וועל אים טרייסטען און ער וועט מיך טרייסטען; איך וועל אים קלאַפּען אויפ'ן רעכטען אַקסעל און זאָגען: „ס'וועט זיין אָקעי!"; און ער וועט מיר קלאַפּען אויפ'ן לינקען אַקסעל: — „ס'וועט זיין אָלראַיט!"

אַ חוץ דעם האָבען מיר זיך איינגעטיילט מיט דער אַרבייט: איך וועל היטען די באַנק דעם ערשטען האַלבען טאָג, און ער וועט היטען די באַנק דעם צווייטען האַלבען טאָג; וואָרים אַ באַנק קען מען ניט איבערלאָזען אויף הפקר!

דערווייל, ווען כ'בין היינט צוגעקומען צו דער באַנק, האָב איך שוין דאָרט געטראָפען נאָך עטליכע גרינע. אויב ס'וועט ווייטער אַזוי גיין, וועט מען מוזען פאַרגרעסערען די ביזנעס: מ'עט מוזען פאַרנעמען נאָך אַ באַנק! גוד־באַי!

# אַי, ווען איך האָב אַ קאַר! . . .

העלאָו! איז וואָס מאַכט איר? ווי גייט עס? — ביי מיר גייט נאָך ניט אַזוי גלאַטיג, אָבער איך באַקלאָג זיך ניט! כ׳האָב נאָך, חלילה, צו אַמעריקע גאָרנישט צוגעלייגט. כ׳בין געקומען אַהער מיט אַ קוואָדער און — כ׳האָב אים!

ווען כ׳קאָן מיך נאָר דערשלאָגן צו אַ תכלית, וואָלט גאָר גוט געווען. דערווייל זוך איך אַ דזשאָב. וואָס קומט אָבער אַרויס? א י ך זוך טאַקע, אָבער מ י ך — זוכט מען ניט.

מען טרייסט מיך פון אַלע זייטען, און מען גיט מיר צו מוט: „זאָרג ניט, — וועסט געפינען! ווי זאָגט דער פּרק — אַז מען זוכט געפינט מען!" ווייס איך וואָס, — אפשר געפינט מען אין פּרק, אָבער אין אַ פעקטאָרי איז שווער עפּעס צו געפינען!

אַי, ווען איך האָב אַ קאַר, וואָלט איך שוין הײַנט זיכער געווען אַ לייט!

מײַנע שונאים זאָלען זיך אַרומשלעפּען מיט אַ סאָבוועי — זוכען אַ דזשאָב; און מײַנע גוטע פרײַנט זאָלען אַרומפאָרען מיט אַ קאַר — זוכען אַ דזשאָב!

אַי, ווען איך האָב אַ קאַר, וואָלט איך אַ גאַנצען טאָג געדרייוט און געזוכט, געזוכט און געדרייוט, ביז כ׳וואָלט ערגעץ אויסגעדרייוט אַ שטעלע!

אַז מען קומט אַרײַן צו אַ באָס, דאַרף מען קודם כל מאַכען אויף אים אַ גוטען אײַנדרוק. אַז איר זאָגט צו אים: „ערלעדיגט מיך שנעל, ווײַל מײַן סאָבוועי וואַרט אויף מיר אינדרויסען!" — מיינט דאָס גאָרנישט; אָבער ווען איך גיב אים טאַקע אַ זאָג: „פּאַניע מיסטער, ענטפערט מיר שנעל — יאָ־יאָ, ניין־ניין, — מײַן קאַר שטייט אינדרויסען!" — בין איך שוין פופציג פּראָצענט אײַנגעוויניג...

אָבער וואָס קומט אַרויס? — נישט נאָר, כ׳האָב נישט אויף קיין קאַר, נאָר כ׳האָב אפילו נישט אויף קיין קאַר־פער!

כ׳ווייס נישט ווי ביי אײַך, אָבער ביי מיר איז אַ דאַים—אַ מטבע! אַ דאַים, פאַרשטייט איר מיך, איז אַ גלעזעל קאַפע מיט פינף טשואינג גאָמס! און יעדעס מאָל ווען איך דאַרף אַרײַנוואַרפען אַ דאַים אין דער סאָבוועי־פּושקע, ווײַנט אין

מיר ס׳הארץ. איך ווין, ווייל איך וויים, אז כ׳וועל אים שוין קיינמאָל נישט צוריקזען. פאר זיי, אין סאבוועי, הייסט עס, אריינגעוואָרפען א דאים; און ביי מיר הייסט עס — ארויסגעוואָרפען א דאים! און וויפיל דאימס, מ׳שטיינס געזאגט, האב איך דען אין מיין פארמעגען, בפרט נאך, אז כ׳האב א לאך אין קעשענע!

הערט, כ׳וועל מיך גארנישט שעמען פאר אייך, כ׳בין נעכטען געוועז אויף וואָל-סטריט און געוואָלט צוריקפארען, — זע איך, אז כ׳האב נאר ביי זיך 9 סענט און ס׳פעלט מיר צו א סענט. ס׳הייסט, צום וואקען האב איך 9 סענט מער ווי כ׳דארף, און צום פארען, האב איך איין סענט ווייניגער ווי כ׳דארף.

וואס׳זשע, מיינט איר, האב איך געטאָן? — איין קלייניגקייט: כ׳האב געזוכען ווי א ווייבעל גייט-צו צו אן אויטאמאטישער וואג זיך וועגען, האב איך איר געזאגט:

— זייט מוחל, ליידי, איר דארפט זיך נישט וועגען, ווייל איך האב די וואג אויף דער האנט! איידער אריינצוואָרפען די פעני, גיט זי בעסער מיר און כ׳זאג אייך פאראויס, אז איר וועגט פון 230 ביז 250!

האט מען דאך אבער דא נישט קיין צוטרוי צו קיין גרינעם, האט זי דעם ווייזער יא געגלויבט און מיר — נישט, כאטש ביי מיר וואלט זי געכאפט א מציאה, ווייל דער ווייזער האט, דאכט זיך, געוויזען נאך מער!

דער סוף איז געווען כ׳בין צו-פוס געקראכען פון וואָל-סטריט אהיים, און באקאנטע האבען מיך געטרייסט: „האסט נאך גוט אפגעשניטען, מענדעל, וואס ביזט אהיימגעקומען פון וואָל-סטריט מיט 9 סענט אין קעשענע! ווען דו האנדעלסט אויף וואָל סטריט און לאזט דיך אריין אין קויפען סטאקס, וואלסטו חלילה געקאנט אהיימקומען אינגאנצען נקי, אפילו אן די 9 סענט אויך!

זעט איר דאך שוין ווידער, אז כ׳האב מזל! נאר וואס דען, צו דזשאבס האב איך נישט קיין מזל, צום האנדעל, צו ביזנעס — גיכער.

טראג איך מיך טאקע ארום מיט׳ן געדאנק, אז אויב עס וועט ווייטער גיין אזוי שליאבעריג מיט באקומען א דזשאב, וועל איך פרובירען גיין פאר-זיך. וואס דארף איך זיין אפהענגיג פון יענעם, זאל יענער בעסער זיין אפהענגיג פון מיר.

ס׳האט שוין געהאלטען דערביי, אז כ׳זאל מיך נעמען צו קנישעס-ביזנעס. כ׳בין פארבייגעגאנגען אויף איסט-סאיד איז מיר דער דאזיגער געדאנק געקומען

אין קאָפּ אַריין. איר ווייסט דאָך, אַ גוטער געדאַנק קומט שטענדיג פּלוצים, — ער פאַלט ווי פון הימעל אַראָפּ.

האָב איך גענומען אַריינטראַכטען אין די ביזנעס, כ'האָב מיר צעלייגט דעם גאַנצען פּלאַן אויף קליינגעלט און כ'בין געקומען צום באַשלוס, אַז קנישעס, נאָר קנישעס לייגען זיך אויפ'ן שכל; אָבער מ'האַרף ווייסען ווי אַזוי צו פירען די ביזנעס און ווי אַזוי זי אַוועקצושטעלען.

די סטאָר מיינע וואָלט נישט געווען אויף קיין באַשטימטען אַדרעס. ס'איז נישט געזונט, אַז אַ קאָסטימער זאָל ווייסען דעם אַדרעס וואוהין דערנאָך צו־ריקצוקומען מיט טענות... אַ ביזנעס פון קנישעס דאַרף זיין באַוועגליך. אַ ביזנעס פון קנישעס דאַרף אַרומפאָרען אויף רעדער—אַ פּושקאַרט! איצט בין איך מיט דער סחורה ביים טיימס־סקווער, און אין צוויי שעה אַרום בין איך שוין אין ברוקלין. און אַז אַ קאָסטימער קומט צוריק, איז — משה זוך־מיך! ...

הכלל, וואָס דאַרפט איר אַ סך, כ'האָב אַלץ גוט דורכגעטראַכט, אָבער אַז ס'איז געקומען צום תוך, — ווי אַזוי מאַכט מען די קנישעס? — בין איך גע־בליבען שטיין ווי פאַר אַ וואַנט. קיין שום פּאַכמאַן וויל מיר נישט אויסזאָגען.

כ'האָב נישט — זאָגען זיי — אַזויפיל געלט צו באַצאָלען, אַז זיי זאָלען מיר אויסזאָגען דעם אמת'ען, דעם ריכטיגען סוד, וואָס מען טוט אַריין אין די קני־שעס וואָס מיר עסען! ...

און דעריבער איז העראוויל אוים קנישעס און אוים ביזנעס און אוים דזשאָב; אָבער פאַרלאָזט אייך, כ'וועל נישט פאַרפאַלען ווערען! כ'בין נישט אַזוי „גרין" ווי איר מיינט! גאָד באַי!

# ס'איז גלענצענד—איך ווער אַ שוך-פּוצער!

כ'וויל אייך זאָגן, אַז עס פּיקט זיך שוין ווידער עפּעס ביי מיר. איך האַלט ביי ווערען אַ שיך-פּוצער. מ'זאָגט, אַז שיך-פּוצעריי איז אַ גלענצענדע פּראָפעסיע...

דעם פּלאַן וועגען אַ פּושקאַרט מיט קנישעס, האָב איך אויפגעגעבען; וואָרים ערשטענס, וויל איך מיך נישט לייגען מיט אַ געזונטען קאָפּ אין אַ קראַנקבעט אריין; און, צווייטענס, לאָמיך נישט אויפרייסען ביי מענשען די אויגען. אַ נייער אימיגראַנט דאַרף נישט אָנהויבען באַלד—הויך. צוערשט דאַרף מען אָנהויבען נידעריג, און דערנאָך, מיט דער צייט, גייט מען העכער און העכער...

האָב איך טאַקע באַשלאָסען קודם כל זיך איינצושאַפען אַ שטול, דערנאָך וועל איך מיר אויפקלאַפּען אַ פּוס-בענקעלע, שפּעטער וועל איך צוזאַמענקראַצען אַ פּאָר באַרשטען, און צום סוף וועל איך מיר אויסזוכען אַ גוטען קאָרנער, וואו כ'זאָל אָוועקשטעלען די פּעקטאָרי און כ'וועל מיך זעצען וואַרטען אויף קליענטען; און איך האָף, אַז קליענטען מיט שיך, וועלען מיר נישט פעלען; שיך זיינען בלאָטע...

אָבער וואָס אַן אמת האָט שיך-פּוצעריי אויך אַ מעלה מיט אַ חסרון.

אַ מעלה—כ'בין זעלבסטשטענדיג. כ'בין נישט אָפּהענגיג פון קיינעם. פאַרקערט, מ'איז פון מיר אָפּהענגיג. כ'האָב שטענדיג יענעמ'ס פוס אין דער האַנט.

און אַ חסרון—כ'מוז יענעם פאַלען צו די פיס... און איך, — איך לייד דאָס נישט. איך בין אַ מענש מיט כאַראַקטער!

אוודאי וואָלט געווען אויסגעהאַלטענער ווען מ'קאָן בייטען די יוצרות, — דער קליענט זאָל זיצען אונטען, און איך זאָל פוצען אויבען. ווען אַ קליענט וואָלט מיר דערלאַנגט אין דער הויך אַרויף די פיס, וואָלט מיר געווען אַ סך נעענטער צום האַרצען...

בכלל וואָלט איך איינגעפירט אַ סך נייעס אין דער שיך-פוצעריי.

איך וואָלט, למשל, זעהר לייכט גענומען די גאַנצע אַרבעט. איך וואָלט נישט אַוועקגעלייגט ס׳האַרץ ביי מאַכען אַ גלאַנץ, איך וואָלט געגעבען אַ שמיר אַהער און אַ שמיר אַהין, און—גיי געזונטערהייט! ביי מיר איז נישט דער עיקר דער גלאַנץ, נאָר דער עיקר איז די מאַסען־פּראָדוקציע. איך בין מחויב בלויז צו פּוצען, און דאָס וואָס עס קומט שפּעטער אַרויס אויפ׳ן שוך,— דאָס איז שוין אַ גאָט־זאַך. און לאָמיר זאָגען, אַז עס גלאַנצט שוין יאָ, איז וואָס איז די גדולה?—אַ פערטעל שעה שפּעטער, קאָן זיך אַראָפּלאָזען אַזאַ כליאָפּ, אַז די גאַנצע אַרבעט מיינע זאָל סיי־ווי זיין אַרויסגעוואָרפען.

און נאָך אַ זאַך: איך וואָלט נישט דערלאָזט, אַז די קאַסטימערס זאָלען ווערען צו־היימיש מיט מיר. קאַסטימערס האָבען ליב, אַז דער שוך־פּוצער זאָל רעדען מיט זיי און זאָל זיי דערציילען מעשיות. ביי מיר איז דאָס נישטאָ. איך בין נישט קיין ליאַדע ענטערטעינער, — איך בין אַ „בוטבלעק”! דו ווילסט פּוצעניך מיט רעדעניך, — קאָסט עס נאָך אַ ניקעל!

און פון וואַנען, מיינט איר, בין איך אַזוי באַהאַווענט אין דעם אַלעם? — פון אייגענע עקספּיריענס!

מיינער אַ חבר, אויך אַ גרינער, האָט זיך געעפענט אַזאַ פּוץ־ביזנעס. ער האָט נאָך נישט קיין געלט אויף אַן אייגענע שטול, האָט ער זיך דערווייל גענומען אַ באַנק אין אַ פּאַרק אויף איסט סאַיד. בין איך געזעסען אַ האַלבען טאָג ביי זיינע ביזנעס און מיך צוגעקוקט. דערנאָך איז ער אַוועקגעלאָפען אין „יוסנאַ” אויף אַן אַפּוינטמענט, האָב איך אים דערווייל פאַרטראָטען און אַליין געפירט ס׳געשעפט.

איין קאַסטימער האָב איך געפּוצט, האָט ער געזען ווי כ׳האָב אים צו־רעכט געמאַכט דעם ערשטען שוך, האָט ער מיר שוין דעם צווייטען נישט גע־וואָלט געבען. ער האָט זיך אויפגעהויבען און איז אַוועק מיט איין ריינעם שוך און מיט איין שמוציגען שוך. פאַרשטייט זיך, אַז דער ריינער שוך איז געווען דער, וואָס איך האָב נאָך נישט באַוויזען אָפּצופּוצען.

ביי אַן אַנדער קאַסטימער ווידער, האָב איך חרטה געקראָגען אין מיטען דער אַרבעט. כ׳האָב אַ קוק געטאָן אויף דער פּאָדעשווע פונ׳ם ערשטען שוך, האָב איך שוין נישט געוואָלט צוגיין צום צווייטען שוך, ביז ער וועט מיר נישט באַצאָלען פאָראויס פאַר דער אַרבעט... ווי האָט מען עס געפּלעגט זאָגען ביי אונז: „פּאָזנאַטש פּאַנאַ פּאָ כאָליעוואַך”, דאָס הייסט אויף ענגליש: לויט דער פּאָדעשווע זעט מען, ווי די קעשענע זעט אויס...

כ'האב נאך געהאט א דריטען קאסטימער,—א ווייבעל. מיט איר האב איך גאר געהאט טראבעל, די שיך האבען געהאט אזא מיתה-משונה קאליר, אז כ'האב נישט געוואוסט וואסער פארב פון פאליש צו באנוצען... האב איך איר געפרעגט:

— מאדאם, וואסערע שיך טראגט איר: געלע, צי שווארצע?

זאגט זי:

— פרעגט מיך א גרינגערע זאך. כ'האב שוין לאנג געקויפט די שיך, כ'געדענק שוין נישט פון וואסער קאליר זיי זענען...

— און מיט וואסער קאליר פוצט איר אייך שטענדיג?

זאגט זי:

— איך פוץ מיר קיינמאל נישט די שיך. איך טו עס בלויז פאר אייך, ווייל איר זענט א גרינער. איך וויל אויך עפעס טאן פאר גרינע!

אבער ביים באצאלען האט זי זיך גאנץ שיין געדונגען מיט מיר. זי האט מיר אראפגעריסען א ניקעל, ווייל זי טראגט, — זאגט זי, — א קלייניעם נומער שיך; זי האט א פוס אזוי גרויס ווי א בעיבי. דערווייל האב איך געזען, אז דער פוס איז גרעסער ווי א בעיבי...

די אונטערשטע שורה: ווען מיין חבר איז צוריקגעקומען, האט ער געזען, וואס פאר א פארדינער איך בין. אבער ער האט נאך גוט אפגעשניטען ביי מיר. אן אנדער אויף מיין ארט, וואלט זיכער ביי אזא ארבעט אויסגענוצט אלע באקסלעך מיט פאליש; אבער אזוי ווי איך בין א ביזנעסמאן, האב איך מיר געגעבען אן עצה: כ'האב כסדר געטונקען אין די אקסעלעך פון מיין קאנקו-רענט, אויך א גרינער שיך-פוצער.

הכלל, עס גייט אויף א וועג, הלואי ווייטער נישט ערגער!...

# שווער צו ווערן אַ מיליאָנער

יאָ, איז וואָס האָב איך געוואָלט זאָגן? — פון מיין שיך־פּוצעריי איז גאָר־נישט געוואָרען!

ס׳איז נישט קיין תּכלית צו פּוצען י ע נ ע מ ׳ ס שיך, און קיינמאָל נישט קאָנען קומען צו אַ פּאָר א י י ג ע נ ע שיך.

אמת טאַקע, אַז אַ סך מיליאָנערען האָבען אָנגעהויבען זייער קאַריערע מיט שיך־פּוצעריי. מען שמועסט יאַקבי, אַז אַזאַ ראָקעפעלער, אַ מאָרגאַן, אַ וואַנדערבילד, אַ פאָרד, — אַלע האָבען זיי אָנגעהויבען מיט פּוצען. און זיי האָבן אַזוי לאַנג געפּוצט, ביז זיי האָבען אויסגעפּוצט מיליאָנען, מיליאַרדען און מילי־מיליאָסען!

אָבער, ווען איז דאָס אַלץ געשען? — אַמאָל! ווען עס זיינען נאָך נישט געווען אין אַמעריקע קיין מאַשינען צו פּוצען שיך! איצט איז אָבער אַנדערש. איצט זענען דאָ מאַשינען. איצט פּוצט מען אויף עלעקטרי. און קאָנקורירן מיט עלעקטרי, — דאָס איז נישט פאַר מיינע כּוחות!

אַ מאַשין, פאַרשטייט איר מיך, דאַרף נישט עסען, דאַרף נישט קיין מלבוש און דאַרף זיך נישט ברעכען דעם קאָפּ, — אַזוי ווי איך, — וואו נעמט מען אַ דירה?!

האָב איך גענומען און אויפגעגעבען די שיך־פּוצעריי. אַז דער אויבערשטער האָט מיר געהאָלפען און כ׳האָב מיך געמאַטערט ביז היינט, וועט ער מיך ווייטער אויך נישט פאַרלאָזען!

און אַז מען רעדט שוין, וויל איך אייך זאָגן, אַז אַ ביסעל האָט שוין דאָס אייז געריגט. איינער פון מיינע פעטערס האָט זיך דאָך געיאָוועט! ס׳ערשטע מאָל האָב איך אים געזען ביי דער שיף, און ס׳צווייטע מאָל, האָב איך אים איצט געזען.

— וואָס מאַכסטו, מענדעל, — פרעגט ער מיך, — ווי גייט עס דיר?

— אַ קעי, פעטער! הלואי ווייטער נישט ערגער! צו בעסערס איז דאָך נישטאָ קיין גרעניץ!

מילא, וואָס זאָל איך אייך זאָגען, אַז ער האָט דערהערט, אַז עס גייט מיר גוט, איז ער אויפגעשפּרונגען פון פרייד. ער האָט מיך ארומגעכאַפּט און געקושט און געהאַלזט און ס'האָט געפעלט אַ האָר אַז ער זאָל מיך בעטען, אַז כ'זאָל אים באַרגען אַ גמילת חסד!

— זעסטו שוין, מענדעל, — זאָגט ער, — כ'האָב דיר באַלד ביי דער שיף געזאָגט, אַז דו וועסט זיין אין אַמעריקע אָקעי! און מיט וואָס אַ שטייגער, פאַרנעמסטו זיך?

— פאַרשידענס, פעטער! . . . מערסטענטייל בין איך באַשעפטיגט מיט איבערוואַרפען זיך. אַז כ'זע איין ביזנעס טויג נישט, וואַרף איך מיך איבער צו אַ צווייטער; אַז די צווייטע טויג נישט, וואַרף איך מיך איבער צו אַ דריטער; צייט כ'בין אין אַמעריקע, האָב אי מיך שוין איבערגעוואָרפען אַן אכצען מאָל!

— מאַלאַדיעץ! — האָט דער פעטער מיר געגעבען אַ זעץ אין דער פּלייצע, — דו ביזט ווי אַנגעמאָסטען פאַר אַמעריקע! דאָ דאַרף מען האָבען אַזעלכע מענשען ווי דו! כ'וואָלט דיך פאַרבעטען צו מיר אַהיים אויף סאַפּער, ווען די טאַנטע וואָלט נישט אַוועקגעפאָרען אין די מאַונטעינס; און אַז די טאַנטע וועט, מערטשעם, צוריקקומען, וועל א י ך פאָרען; און אַז א י ך וועל געזונטערהייט צוריקקומען, — מוזטו קומען צו מיר אויף סאַפּער.

און דעם אַדרעס וואו ער וואוינט האָט ער מיר נאָך אַלץ נישט געגעבען...

איידער כ'וועל קומען, — זאָגט ער, — זאָל איך אים אָנטעלעפאָנירען; אָבער אַפילו דעם נומער פון טעלעפאָן, האַלט ער אויך בסוד...

— וועסט נאָכזוכען, — שרייט ער מיר נאָך, — אין טעלעפאָן-בוך, „דזשייקאָבסאָן", — וועסטו שוין דאָרט געפינען מיין טעלעפאָן-נומער!

האָב איך גענומען נאָכזוכען האָב איך געזען, ס'איז — פאַלג מיך אַ גאַנג! אַלע אַמעריקאַנער אידען, אַן עין הרע, הייסען דאָך — דזשייקאָבסאָן! מען קאָן מאַכען צען טעלעפאָן-ביכער פון בלויז דזשייקאָבסאָנס; און צו וועלכען דזשייקאָבסאָן כ'האָב טעלעפאָנירט, האָט מען מיר געענטפערט, אַז ס'איז אַן אַנדער דזשייקאָבסאָן.

דער סוף איז געווען, כ'האָב מיך דערוואוסט, אַז דער טעלעפאָן פון מיין פעטער דזשייקאָבסאָן איז גאָר פאַרשריבען אויפ'ן נאָמען פון דער טאַנטע, און מיין טאַנטע הייסט נישט דזשייקאָבסאָן נאָר — ראַפּאַפּאָרט, און ראַפּאַפּאָרטס זענען פאַראַן אין טעלעפאָן-בוך, נאָך מער ווי — דזשייקאָבסאָנס!...

אָבער, נישט געקוקט אויף אַלעם, בין איך צופרידען, וואָס כ׳האָב אַ פעטער מיט אַ טעלעפאָן. ס׳איז בעסער צו האָבען אַ פעטער מיט אַ טעלעפאָן איידער — אַ טעלעפאָן אָן אַ פעטער.

מ׳פילט זיך פאָרט זיכערער, ווען מען ווייסט, אַז מ׳האָט אַ פעטער אין שטאָט. ווער שמועסט נאָך, אַז מ׳האָט אַ לאַנדסמאַנשאַפט אויך, — איז מען גאָר זיכער!

מיט מיין לאַנדסמאַנשאַפט האָב איך געטראָפען. זיי האָבען מיך אריינגענומען אַלס מעמבער מיט אַלע רעכט. איך מעג אַפילו צאָלען דיוס — אויך. דערוויייל זאָגען זיי קאָנען זיי מיר נישט העלפען, ווייל איך לעב נאָך. אָבער איבער הונדערט און צוואַנציג יאָר וועל איך ביי זיי אַ געמאַכטער מענש. כ׳וועל האָבען, זאָגען זיי, אַ קרקע — אַ צאַצקע. אָבער איך האָב עס אין דר׳ערד; וואָס וועל איך גיין ווארטען, אַז מ׳דאַרף דערוויייל, שוין איצט, מאַכען אַ לעבען!

זוך איך טאַקע; איך פאָרש, איך נישטער, איך טראַכט, און אַמבעסטען טראַכט זיך מיר פאָרענדיג אין סאָבוועי.

איך קוק אויף די אויסגעהאַנגענע רעקלאַמעס אין וואַגאָן און איך טראַכט:

— אָט איז דאָ אַ בילד פון׳ם סטאַר בינג קראָסבי. ער שטייט פאָטאָגראַפירט מיט אַ גלאָז אין האַנט און אַגיטירט דעם עולם מ׳זאָל טרינקען ביר נאָר פון זיין ספאָנסאָר!

אָט איז אויף דער וואַנט אַ רעקלאַמע פון „טשעסטערפילד”. אַ דאָקטאָר שטייט פאָטאָגראַפירט מיט אַ סיגאַרעט אין מויל און אַגיטירט דעם עולם, אַז מ׳זאָל רויכערען נאָר „טשעסטערפילד”. אַזאַ דאָקטאָר האָט זיכער אויך אָן אייגענעם אָפיס, וואו ער נעמט-אויף פאַציענטען. און אַז ער באַטראַכט אַ פאַציענט ביי זיך אין אָפיס, זאָגט ער אים זיכער: „איר טאָרט נישט רויכערען, — ס׳איז סם פאַר אייערע לונגען!”... און דאָ, אין סאָבוועי, איז ער גאָר אַן אַנדערער מענש, דער דאָקטאָר! — אַלץ פרנסה! מען באַצאָלט מסתמא די אמת׳ע מטבע פאַר אַזאַ רעקלאַמע!

פרעגט זיך אָבער אַ קשיא: וואו איז גערעכטיגקייט?! פאַרוואָס זאָל מען נישט בעסער אָנשטעלען אָן ארבייטסלאָזען גריגעם צו אַזאַ רעקלאַמע?!

גלויבט מיר, אַז דער דאָקטאָר מאַכט אַ לעבען אָן טשעסטערפילד אויך! און אַז בינג קראָסבי דאַרף האָבען דאָס ביר, ווי איך אַ לאָך אין קאָפּ! האָליוואוד איז וויניג, מ׳דאַרף נאָך ביר — אויך?!

און ווען מען נעמט טאַקע מיך צו אַזאַ רעקלאַמע, וואָלט איך שוין געקאָנט מאַכען אַ לעבען. צי ס׳וואָלט געהאָלפען דער פירמע, ווייס איך נישט, — אָבער מיר וואָלט עס זיכער געהאָלפען.

יאָ, מ׳קאָן לעבען, נאָר — מ׳לאָזט נישט!

# איך לעב פון שמחות!

יאָ, כ׳האָב אייך געוואָלט עפּעס פרעגן:

זאָגט מיר, וואָס אַ שטייגער וואָלט איר געטאָן, ווען איר הייסט פערציג יאָר מענדעל, און מען ראָט אייך, אַז איר זאָלט פּלוצים ענדערען דעם נאָמען?

מיינע באַקאַנטע זאָגען, אַז ס׳איז שוין צייט, כ׳זאָל מיך אַמעריקאַניזירען. אַ ליאַדע „מענדעל" — זאָגען זיי — הייסט דאָ אין אַמעריקע — „מעקסי" אָדער „מאַיקעל" אָדער „מאַרטין"; טאָ פאַרוואָס׳זשע זאָל איך נישט אויך בייטען דעם נאָמען?

אָבער איך האַלט נישט דערביי. ביי מיר איז מענדעל פּונקט אַזאַ מיוחס ווי מעקסי, און אפשר נאָך מיט אַ סמיטשיק מער!

איך האַלט, אַז אויב מ׳האָט נאָר מזל, קאָן איין מענדעל מער אויפטאָן ווי צען מעקסי׳ס. און אויב שוין יאָ בייטען דעם נאָמען, וואָלט איך געביטען פון מענדעל — אויף מענדעלע!

אַז מ׳הייסט מענדעלע, יאָסעלע, בערעלע אָדער משה׳לע — קאָן מען אין אַמעריקע גרינג ווערען אַ חזן. בפרט נאָך, אַז כ׳האָב אַלע מעלות פאַר אַ חזן: כ׳בין אַן אַ שטימע, כ׳בין אָן אַ באָרד. אֵי, טאָמער האָב איך איין חסרון, כ׳קען עברי? — מילא, מען מעג האָבען אַ שטיקעל חסרון אויך. אַ מענש איז סוף כל סוף נישט מער ווי אַ מענש!

אָבער דערוויל כל זמן כ׳גיב מיר אַן עצה, זוך איך נאָך נישט קיין חזנות. און לאָמיר זאָגען, אַז כ׳זוך יאָ, — וועט מיר דען העלפען? איך קען אַ סך גרינע, וואָס ווילען ווערען חזנים; זיי האָבען שוין אפילו, — נאַ ווסיאַקי סלוטשאַי, — יאַרמולקעס; נאָר — מ׳לאָזט זיי נישט צו צום ברעטעל. מ׳דאַרף האָבען פּראָטעקציע. מ׳דאַרף האָבען „פּלייצעס". מ׳דאַרף שטיין נאָענט צום פּרעזידענט פון דער קאָנגרעגעישאָן, מ׳דאַרף שטיין נאָענט צום וויס-פּרעזידענט און מ׳דאַרף שטיין נאָענט צו די וייבער; און אויב איר ציט מיך שוין ביי דער צונג, — דעצידירען דאָ נאָר די וייבער! אַז די פאָטאָגראַפיע פון חזן געפעלט די וייבער, — האָט מען שוין דעם עמוד אין קעשענע.

און, ס'איז גאָרנישט קיין וואונדער, וואָס די ווייבער קאָנען זיך דאָ אַזוי גוט אויף חזנות; ס'זענען פאַראַן אין אַמעריקע זעהר פיל חזנ'טעס. מען שמועסט אַפילו, אַז ס'זענען פאַראַן מער חזנ'טעס, ווי — חזנים. עס זענען דאָ „רומענישע חזנ'טעס", „אונגאַרישע חזנ'טעס", „ליטווישע חזנ'טעס" און אַז מ'וועט דאַרפען, וועלען אויך זיין „גרינע חזנ'טעס". און אַלע גיבען זיך אַן עצה; אויב מ'לאָזט זיי נישט צו צום עמוד, דאַוונען זיי אין ראַדיאָ אָדער זיי דאַוונען אין די מאָונטעינס.

אָבער וואָס זאָל איך רעדען וועגען זיי, אַז כ'בין נאָך מיט מיר אַליין נישט פאַרזאָרגט. ס'הייסט מיט דער צוקונפט בין איך, אייגענטליך, יאָ פאַרזאָרגט. אַלע זאָגען, אַז כ'וועל זיין אַלרייט. אָבער דערווייל איז נישט פויגעלדיג. די גאַנצע חכמה פון אַ גרינעם באַשטייט דאָך אין דעם, אַז ער זאָל וויסען ווי אַזוי דורכצושטופען די צייט ב י ז צו דער צוקונפט.

און מיט וואָס עס לאָזט זיך, שטופ איך דערווייל אַדורך.

לעצטענס, לעב איך פון שמחות. כ'וועד געוואויר וואו ס'איז ערגעץ אַ חתונה, — כאַפּ איך מיך אַריין. כ'עס אַ סאַפּער און כ'פיל מיך גאַנץ גוט. מ'ווייסט נישט, צי כ'בין פון חתנ'ס צד, צי פון דער כלה'ס צד—עס איך דער־ווייל פוןביידע צדדים!

און כ'וועל אייך זאָגען דעם אמת, אַז טייל חתונות זענען פאַר מיר זעהר אינטערעסאַנט. דער מסדר קדושין מאַכט די ברכות אויף ענגליש, דער חתן בחור קאָן נישט נאָכזאָגען „הרי את", זאָגט ער: „האַרי אַפּ"; און די כלה קוקט אין שפּיגעלע צי ס'קליידט איר די חופּה. דערנאָך זעצט מען זיך אוים ביי טישלעך, די ענטערטעינערם פּראָוועון ביים מאַלצייט די שבע ברכות, מען עסט אַפּ, חתן כלה פאָרען דערנאָך אויף זייער האָנימון־רייזע און איך פאָר מיר אין האָיאָם נעכטיגען.

אָבער פון בלויז שמחות איז שווער צו לעבען. מ'דאַרף אויך זוכען אַ נעבען־פּרנסה. זוך איך טאַקע.

ס'האָט שוין געהאַלטען דערביי, אַז כ'זאָל ווערען אַ שותף צו אַ כינעזישען רעסטאָראַן. מיינער אַ פריינט, אויך אַ גרינער, וועלוועל ראַבינאָוויטש הייסט ער, האָט געוואָלט עפענען אַ כינעזישען רעסטאָראַן און האָט געזוכט אַ שותף. האָב איך געוואָלט צושטיין. כ'האָב אים געזאָגט, אַז קיין געלט אַריינצולייגען האָב איך נים; אָבער אויב ער וויל, קאָן איך זיין משגיח ביי אים אין רעסטאָראַן.

האָט ער מיר געזאָגט, אַז אויב אָן געלט, דאַרף ער נישט מיך; ער קאָן עס אַליין מאַכען וואָרום ער האָט אויך נישט קיין געלט.

די אונטערשטע שורה: כ׳בין ווידער אַרבייטסלאָז; און ביי אָן אַרבייטס-לאָזען, — זאָלט איר וויסען, — איז צום ערגסטען דאָס, וואָס מען ווייסט קיינמאָל נישט ווען מ׳האָט אַ „דעי אָף״!

און דערווייל האָט מיר און זייט מיר!

# אויף דער שוועל פון אַ קאַריערע

איר וועט מיר גלויבען, מענשען זיינען דאָך מיך מקנא!

מ׳זאָגט, אַז כ׳האָב מזל; כ׳בין געבוירען געוואָרען אין אַ זיידען העמדעל.

כ׳ווייס נישט, צי ס׳איז אַ זיידען העמדעל, צי נישט קיין זיידענס, ווייל ס׳איז איצט אין „לאָנדרי" און קיין אַנדערס האָב איך נישט; אָבער אַ פאַקט איז, אַז די לאַגע מיינע איז נישט אַזוי גוט ווי אַ נ ד ע ר ע מיינען, און זי איז נישט אַזוי שלעכט ווי אי ך מיין...

דער עיקר—מ׳דאַרף אויסוואַרטען, מ׳דאַרף האָבען געדולד. אַז מ׳האָט געדולד, איז איינס פון די ביידע: אָדער מען דערשלאָגט זיך צו עפּעס, אָדער מ׳איז אויף צרות. און אַזוי ווי צו זיין אויף צרות האָב איך נישט קיין כוח, כ׳בין שוין מיד, — האָב איך מיר בעסער אויסגעקליבען, זיך צו דערשלאָגען צו עפּעס!

היינטיגע וואָך בין איך שוין געשטאַנען אויף דער שוועל פון אַ קאַריערע,— כ׳האָב געזאָלט ווערען אַ „באָסבאָי" אין אַ קאַפעטעריע.

מיינע באַקאַנטע האָבען מיר געזאָגט, אַז ס׳בעסטע פאַר מיר איז, כ׳זאָל מיך האַלטען ביי דער עס-בראַנזשע. יאָ פאַרדינסטען, נישט פאַרדינסטען, — קודם כל איז דאָ וואָס צו עסען, און אַז מ׳איז אַ „באָסבאָי" אין אַ קאַפעטעריע, פאַסט מען נישט קיין תעניתים. מען גייט-צו צום בופעט, מען דערכאַפּט זיך ס׳האַרץ און מען דאַרף נישט קיין טשעק, ווי יעדער קאַסטימער.

די טשעקס זיינען דאָך פּשוט אַ קללה פאַר די קאַפעטעריע-געסט. מילא, דאָס אַריינגיין, יאַק דאָס אַריינגיין, אָבער דאָס אַרויסגיין קאָסט דאָך אַ שטיק געזונט!

צוערשט נאַרט מען אייך צו צום בופעט און מען מאַכט אייך אָן אַפּעטיט. און אַז איר נעמט שוין עפּעס, דערלאַנגט אייך באַלד אַ שמאָלע שיקסע אַ ברייטען „שלום עליכם" מיט אַ צונגעל, און איר מוזט איר צוריק געבען אַן „עליכם שלום" מיט׳ן טשעק. זי קוקט אייך אויף די פינגער און לעכערט אייך דעם טשעק. וואָס מער איר עסט, אַלץ מער לעכערט מען אייך, אַ גלאָז טיי—אַ לע־

כעל. אַ גלאָז קאַווע—אַ לעכעל. אַ נאַריש סענדוויטשעל—אַ לעכעל. בלויז געוויינליך וואַסער,—איז אָן אַ לעכעל!

און אַז איר האָט אָפּגעגעסען און איר גיט אַ קוק אויפ'ן טשעק, ווערט אייך פינסטער פאַר די אויגען. דער טשעק איז פון קאָפּ ביז די פיס געפּאַלמעסט, געלעכערט ווי אַ ריבאייזען; און אַז איר קומט-צו צו דער טיר, לעכערט אייך אויפס'ניי דער קאָפּ, פון וואַנען איר וועט נעמען צו באַצאָלען.

דערפאַר טאַקע זאָג איך, אַז אויף צו זיין אַ קאָסטימער אין אַ קאַפעטעריע, קאָן איך מיר נאָך נישט דערלויבען; אָבער זיין אַ „באָסבאָי" — מיט'ן שענסטען פאַרגעניגען.

האָב איך גענומען זיך אַביסעל נענטער באַקענען מיט דער פּראָפעסיע און כ'האָב איינגעזען, אַז ס'איז גאָרנישט קרום און כ'קאָן גלייך כאַפּען די גאַנצע תורה.

די אַרבעט איז אַ פּשוט'ע. איר גייט פון טישל צו טישל און רוימט-אַראָפּ וואָס אַנדערע האָבען איבערגעלאָזט. נאָר וואָס דען?—ס'איז דאָ אָן עין הרע, וואָס צו רוימען! די געסט לאָזען איבער ביי די טישלעך גרעסערע פּאָרציעס, ווי מען גיט זיי ביים בופעט. ווען איך בין אַ „באָסבאָי", וואָלט איך זיי פאַרגעלייגט צו קאָכען בלויז אַ העלפט, וואָלטען זיי מיר איינגעשפּאָרט די צווייטע העלפט אַרויסצוואַרפען . . .

וואָלט איך שוין דאָס אַלץ גענומען פאַר ליב; ווייזט זיך אָבער אַרויס, אַז מען כאַפּט מיך נישט אויף! אַפילו אַ „באָסבאָי" מוז אויך קענען ענגליש, און מוז האָבען „עקספּיריענס".

מילא, „עקספּיריענס", קאָן איך נאָך פאַרשטיין. מ'דאַרף וויסען, ווי אַזוי איינצושמירען דעם גאַסט'ס סוט, ווען מ'פאָרט דורך מיט'ן געפּעס-וועגעלע איבער'ן זאַל. אָבער צו-וואָס דאַרף אַ „באָסבאָי" רעדען ענגליש? ווען קומט אים דען אויס צו רעדען צום גאַסט? סיידען אפשר דער „באָסבאָי" דאַרף רעדען ענגליש צו די האַלבע פישלעך, וואָס די געסט לאָזען איבער אויף די טעלער?!

הכלל, פון מיין „באָסבאָי"-פּראָפעסיע האָט זיך דערווייל אויך גאָרנישט אויסגעלאָזט.

האָב איך שוין גענומען טראַכטען וועגען אַרבעטען אין אַן אויטאָמאַטעןרעסטאָראַן. איז אָבער די צרה, אַז כ'האָב נישט דאָרט צו וועמען צו רעדען. בלויז אויטאָמאַטען. כאַטש נעם און רעד צו דער וואַנט! . . . און סתם רעדען צו

דער וואַנט, העלפט אויך נישט! מען מוז רעדען מיט אַ ניקעל! איר קאָנט שרייען פון היינט ביז מאָרגען „וועיטער, אַ גלאַז קאָפּע! אַ גלאַז קאָפּע!” און עס העלפט אייך ווי אַ טויטען באַנקעס!

און ערשט דאַמאָלס, ווען איר וואַרפט אריין אַ ניקעל, קומט די רפואה שלימה און עס גיסט זיך פון דער וואַנט אין אַ טעפּעל אריין!

זעט איר, ווען עס געלינגט מיר צו ווערען אַ קעלנער אין אַן אויטאָמאַטען־רעסטאָראַן, וואָלט איך געווען זעהר צופרידען. אַזאַ דזשאָב געפעלט מיר. ס'איז אי גרינג, אי פּראַקטיש. די געסט דאַרפען נישט אָנקומען צו מיר, אַז איך זאָל זיי דערלאַנגען, — זיי דערלאַנגען זיך אליין. די געסט דאַרפען נישט רופען מיך, ווען זיי ווילען באַצאָלען, — זיי באַצאָלען אליין, וואָלט איך טאַקע גאָרנישט געהאַט ביי זיי קיין ארבעט, אחוץ — צו נעמען אַ „טיפּ”!

ביי איך אָרום און זוך איצט פּראָטעקציע צו אַן אויטאָמאַט. פּראָטעקציע צו אַ לעבעדיגען מענשען איז מיר שווער צו געפינען, — טאָ אפשר וועל איך האָבען מער מזל צו געפינען פּראָטעקציע צו אַ טויטען אויטאָמאַט! האַלט מיך נישט אויף, גודבאַי!

# איך גיב אַ לעקציע מיינע „גרינע" חברים

כ'האָב היינט געטראָפען אויף דער באַנק ביי מיר אין פּאַרק אַ קרענצל גרינהאָרג, בלויז ניי־געקומענע. האָבען זיי דאָס מיר געדרייט אַ ספּאָדעק!

איינער פון זיי האָט מיר אַנטדעקט אַמעריקע. ער האָט מיר דערציילט, אַז ער האָט נישט קיין אַרבעט, ער האָט נישט קיין פּרנסה, ער האָט נישט קיין וואוינונג, ער האָט נישט קיין אויסזיכטען, און — איר הערט — ס'טוט אים שוין באַלד באַנג, זאָגט ער, די גאַנצע מעשה וואָס ער איז אַ גרינער!

אַ צווייטער האָט פאַר מיר געוויינט, אַז ער איז דאָ עלענד ווי אַ שטיין; ער האָט אפילו עטליכע קרובים אין ניו יאָרק, אין אָנהויב האָבען זיי אים פאַרבעטען אויף סאַפּער, האָט ער ביי זיי אָפּגעסאַפּערט און שוין, — זיי קענען אים נישט מער! די איבעריגע עטליכע קרובים אין באָסטאָן, פילאַדעל־פיע און באַלטימאָר האָבען אים אויך איינגעלאַדען אויף סאַפּער, לוינט אים אָבער נישט קאַליע צו מאַכען הוצאות אויף בלויז סאַפּערס.

ווען ער וואָלט געהאַט עטליכע קרובים אויף דער פּראָווינץ, וואָס זאָלען אים איינלאַדען אַ חוץ אויף סאַפּער, אויך אויף ברעקפעסט און אויף לאָנטש, — וואָלט אים אפשר שוין געלוינט צו מאַכען הוצאות און צו לייגען ס'לע־בעדיגע אויפ'ן טויטען!

אַ דריטער גרינער, ווידער, האָט מיר דערציילט, אַז ער איז אין אַזאַ ביטערן מעמד, אַז ער איז, שווערט ער זיך, מקנא זיין טאַנטע'ס הונט.

פרעג איך אים: וואָסער הונט איז דאָס און וואָסער טאַנטע?

דערציילט ער מיר נישט מער און נישט ווייניגער, ווי אַזאַ מעשה:

— כ'האָב דאָ, זאָגט ער, אַן איין און איינציגע טאַנטע, האָט זי אַן איין און איינציגען הונט. די טאַנטע איז אַ „זי" און דער הונט איז אַן „ער". דער הונט איז אַ הונט מיט אויערן, און די טאַנטע איז אַ טאַנטע מיט אַן אויעריינגעל.

און שטענדיג ווען כ'קום אַרויף צו דער טאַנטע, גייט די טאַנטע מיט'ן הונט אויף אַ „וואָק", און אַז די טאַנטע קומט צוריק מיט'ן הונט פון שפּאַציר, פרעגט זי מיך, פאַרוואָס איך לויף שוין?!...

און פאַרוואָס, מיינט איר, לויף איך? — ווייל כ'קאָן פשוט נישט צו־קוקען, ווי מען באַהאַנדעלט מלכות'דיג דעם הונט און — ווי מען לאָזט לויפען דעם נעפיו!

וואָס איר ווילט נאָר הערען און געדענקען, האָט ער, דער הונט. אַ וואוי־נונג האָט ער, אַ געלעגער האָט ער, עסען באַקומט ער, קיין דזשאָב זוכט ער נישט, און דאַרף ער מאַכען אַ „דזשאָב", — פירט מען אים אַראָפּ!

און טאָמער חלילה האָוקעט דער הונט הייזעריג, רופט מען גלייך אַ דאָק־טאָר, און ער, דער ספּעשאַליסט, פאַרשרייבט דעם הונט וויטאַמינס. און אַז די טאַנטע פאָרט אַוועק צום ים, שיקט זי דעם הונט אין קאָנעטיקוט, צאָלט דאָרט פאַר אים אַ דאָלער אַ טאָג, און מען שרייבט איר בריוו, וואָס דער הונט מאַכט. און טאָמער, חלילה, איז אַ טאָג נישטאָ קיין בריוו — ווערט די טאַנטע אויס מענש, לייגט זיך אין בעט אריין און רעדט פון שלאָף: „באָבי... באָבי!...

פאַרשטייט זיך, אַז דער הונט הייסט באָבי און נישט — דער נעפיו!

נו, פרעג איך אייך, וואָלט מיר נישט וואוילער געווען, ווען איך בין אַ הונט? ! גלויבט מיר, ווען כ'בין איין חודש אַ הונט וואָלט איך געוואָרען אַ שטיקעל מענש, — האָט מיין גרינער חבר פאַרענדיגט.

און אַז איך האָב אויסגעהערט אויף דער באַנק אָט די אַלע וויינענדיגע רעדעס פון מיינע גרינע חברים, — האָט עס מיך פשוט אונטערגעהויבען און כ'בין אַרוים מיט לשון, און כ'האָב אַלע קרעכצערס אַוועקגעלייגט:

— הערטס אוים, ליבע לאַנדסלייט! איר פאַרלאַנגט שוין צו־פיל! איר רייסט שוין איבער ס'שטריקעל! איך בין אויך אַ גרינער, פונקט ווי איר, און אפשר לענגער פון אייך, און פונדעסטוועגען פאַרלאַנג איך נישט ס'טעלערל פון הימעל!

וואָס'אי, איר האָט נישט קיין דזשאָב? ! — איך האָב נאָך אויך נישט קיין דזשאָב, און פונדעסטוועגען אויף מיינע שונאים געזאָגט, אָן מיין שאָדען! ווען מיר האָבען דזשאָבס, וואָלטען מיר איצט געהאַט צייט צו זיצען דאָ אונ־טער'ן פרייען הימעל און שעפּען לופט? ! ווען מיר האָבען דזשאָבס, וואָלטען מיר איצט נישט גענאָסען פון דער נאַטור, נאָר מיר וואָלטען איצט געלעגען אין די שעפּער אין געהאַקטע צרות, מיר וואָלטען זיך געמוטשעט ביים אַר־בייטען אַוועקטאָים און מיר וואָלטען זיך אַרומגעריסען מיט די באָסעס מ'זאָל אונז געבען אַ „רעיז", און מיר וואָלטן אויך געהאַט טראָבל מיט וואַקאַציעס!

וואָס וויינט איר, איר האָט נישט קיין דירות? — צי ווייסט איר כאָטש, אַז אויב מ׳האָט אַ דירה דאַרף מען צאָלען רענט, און אַז מ׳וויל צאָלען רענט, מוז מען האָבען אַ דזשאָב, און אַז מ׳האָט נישט קיין דזשאָב און מ׳האָט נישט אויף קיין רענט, ווארפט מען אַרויס פון וואוינונג און מען מוז זיצען אין פּאַרק? אויב אַזוי, איז דאָך שוין בעסער, אַז קיינער האָט אונז נישט אַרויסגעוואָרפען, און מיר זיצען אין פּאַרק פרייוויליג!...

וואָס נאָך קלאָגט איר? איר האָט נישט קיין געלט? — געלט איז קיי־לעבדיג! געלט קיילערט זיך! היינט איז עס ביי ראָקעפעלער׳ן און מאָרגען איז עס ביי מאָרגענ׳ען! און איך, מיינט איר, האָב י׳אַ געלט? מיר אַלע, וואָס זיצען דאָ, מעגען עס פּאַרמאָגען וויפיל מיר פעלט-צו צו אַ דאָלער, און פונדעסטוועגען גיי איך מיט׳ן קאָפּ אַרויף!

און דער גרינער, וואָס איז מקנא דעם הונט, זאָל מיר מוחל זיין, איז אַ בהמה!

וואָס איז דאָ מקנא צו זיין?

וואָס איז דען, מ׳שטיינס געזאָגט, אַ הונט? — אַ גאָרנישט, אַ כלב!

די גליקען, וואָס עס האָט אַ כלב האָט אַ גרינער אַפילו אין מיטען דער נאַכט!

אַ כלב קאָן אויסלעבען זיינע יאָרען און נישט האָבען אַזויפיל אינסטי־טוציעס, וואָס זאָלען זיך אָננעמען פאַר אים, ווי מיר האָבען!

אַ כלב קאָן האַווקען און בילען. קאָן האָבען אַ שטילען ביל און קאָן האָבן אַ הויכען ביל, אָבער אַ די. פּי.־ביל — האָט ער אַ מכה!

דעריבער, חברים, האָב איך פאַרענדיגט מיין רעדע, — לאָמיר בעסער שמועסען וועגען פריילעכערע זאַכען: ווער פון אייך ווייסט עפּעס פון אַ דזשאָב?

## פאַרלאָזען זיך אַ באָרד, אָדער נישט פאַרלאָזען ?

איר קענט מיר גראַטולירען! נאָך אַ פעטער האָט זיך געיאַוועט! כ׳האָב אים געטראָפען אויף דער סאַמע פינפטער עווענין!

— העלאָו, מענדעל, זעסט דאָך אוים וואונדערבאַר! זינט כ׳האָב דיך געזען ביי דער שיף, ביז היינט — איז דיר אָפגעקומען אַ שפּאַר ביסעל וואָג! דו שניידסט דיך אויף אַ לייט! ערשט נאָר־וואָס געקומען פון יוראָפּ און קריכסט שוין אויף פינפטער עווענין! נו, יאָ! די היינטיגע גרינע זענען גאָרנישט ווי אַמאָל! ווען איך בין געווען אַזוי קורץ ווי דו אין אַמעריקע, איז מיר נאָך נישט איינגעפאַלען אפילו אַ שמעק צו טאָן צו דער פינפטער עווענין, און דו ביזט שוין דאָ, זע איך, אַן אייגענער! דו קוקסט אין די ווינדאָוס ווי אַ רעגעלער סי-טיזען!...

און ער האָט זיך אַזוי געפרייט מיט מיר, אַז ער האָט מיך אַזש אריינגענומען אין אַ קענדי סטאָר אויף אייז־קרים סאָדע.

נעם דיר נאָך אַ שטרוי! — האָט ער מיר געקלאַפּט אין פּלייצע — זשאַלעווע דיר נישט! א י ך צאָל

פאַר׳ן געזעגענען זיך, האָט ער מיר צוגעזאָגט מיך ארויסצונעמען אַמאָל אויף אַ וויק־ענד צו זיך אין קאַונטרי, אָבער זאָלען נאָר פריער, — זאָגט ער, — די היצען אוועק! און לערן דיך, למען השם, פינאָקעל, — מ׳דאַרף אַמאָל אַ „האַנט"

און ביים סאַמע סוף, ווען ער איז שוין געשטאַנען מיט איין פוס אין קאַר, האָט ער מיך אַ פרעג געטאָן:

— אַ וויזיט־קאַרטע האָסטו?

— יאָ, פעטער, אַ וויזיט־קאַרטע האָב איך, אָבער קיין דירה האָב איך נאָך נישט!

— כ׳זאָל אַזוי האָבען אַ זאָרג מיט די היגע, ווי כ׳האָב אַ זאָרג מיט דיר!— האָט ער מיר נאָכגעשריען, און דער מאָטאָר פון דער קאַר האָט גענומען לאָזען רויך פון הינטען.

און איר מיינט, אַז דאָס, וואָס כ׳האָב נישט קיין וואוינונג, שטערט מיר נישט? עס שטערט, עס שטערט מיר צו אַלעם!

ערשטענס האָב איך נישט קיין אָרט וואו אַ מענש זאָל אַריינקומען. כ׳וויס, מ׳וויל אַמאָל מאַכען אַ פּאַרטי, אַזוי ווי עס פירט זיך דאָ ביי לייטען; נו גיי, מאַך, אַז כ׳האָב נישט קיין אָרט!

אָדער עס פאַרגלוסט זיך אַמאָל אַריינצוקוקען אין אַ טעלעוויזשאָן און זען, וואָס מען הערט דאָרט; נו גיי און נעם אַריין אַ טעלעוויזשאָן, אַז כ׳האָב אים נישט וואו אַוועקצושטעלען!

און דעם אמת געזאָגט, האָב איך נאָך מיך אַליין אויך נישט וואו אַוועקצושטעלען. זינט כ׳בין אין ניו יאָרק, גיי איך אַרום אַ נישט-דערשלאָפענער. בלויז דריי מאָל אין דער וואָך שלאָף איך מיך אויס, און דאָס איז — אויף דער שטול פון באַרבער, ווען איך „נעם אַ שעיוו". ווען עס וואַקסט מיר אַבי-סעל אָפטער, וואָלט איך אָפטער געשלאָפען. אָבער איך זינדיג נישט. גלויבט מיר, אַז אַ „גרינעם" מיט אַ באָרד, איז נאָך ערגער! ווען האָט ער אַ „טשענס" צו שלאָפען? — איין מאָל אין זעקס וואָכען, ווען ער נעמט אַ „העיר-קאַט"!

כאָטש צוריקגעשמועסט, האָט געפעלט אַ האָר, כ׳זאָל מיר לאָזען וואַקסען אַ באָרד! מאָלט אייך, כ׳האָב געהאַלטען ביי ווערען אַ משגיח. האָב איך געמיינט, אַז משגיחים צאָלט מען דאָ וועידזשעס לויט דער לענג פון דער באָרד, און יעדער אינטש באָרד איז מיט גאָלד צוגלייך.

וואָס׳זשע אָבער ווייזט זיך אַרויס? — אַז ס׳הויבט זיך נישט אָן און ס׳לאָזט זיך נישט אויס

מ׳קאָן דאָ זיין אָן אַ באָרד אַ משגיח אין אַ כשר׳ן רעסטאָראַן, און ס׳קאָן זיין אַ כשר׳ער רעסטאָראַן איינגאַנצען אָן אַ משגיח!

אַז עס לוינט זיי גאָרנישט, — הער איך, — די באַלעבאַטים, צו האַלטען אַ משגיח אין די ביזנעס! ווארום, ערשטענס, האָבען זיי פיינט, אַז מ׳זאָל זיי אַריינקוקען אין טאָפּ אַריין; צווייטענס, — איידער צו האַלטען אַ משגיח, לוינט שוין בעסער צו קאָכען כשר; און דריטענס, — צו וואָס דאַרף מען צאָלען אַ משגיח וועכענטליכע וועידזשעס, אַז מ׳קאָן עס זיך איינשפּאָרען; מען הענגט אויף אַ שילד „סטריקטלי כשר", סטייעט שוין אַזאַ שילד ביז צו אַ רעמאָנט!

בכלל ווייזט זיך אַרויס, אַז אַ באָרד איז דאָ נישט קיין וואַזשנע שישקע; בפרט נאָך — אַ גרינע באָרד!...

אַפילו אַ רב דאַרף דאָ נישט האָבען קיין באָרד, — ער דאַרף בלויז האָבען אַ קאָנגרעגיישאָן; און אויב ער האָט אַ קאָנגרעגיישאָן, צופּט זיך אים אָן אַ באָרד אויך!

בלייבט מיר, הייסט עס איבער, כ׳זאָל ווערען אַ מוהל. פּרנסה וואָלט גע־קענט זיין דערפון; ס׳איז אַ ברויט מיט אַ מעסער. און אויב נישט קיין ברויט; — אַ מעסער איז עס זיכער!

איז אָבער ווידער די זעלבע מעשה: אַ גרינעם מוהל איז שווער צו באַ־קומען אַרבעט. באשר בכן ער האָט נישט קיין עקספּיריענס, ער האָט נאָך נישט געכאַפּט דעם אַמעריקאַנער שניט און ס׳קינד, יאַקבי, האָט נישט צו אים קיין צוטרוי; אַזוי ווי עס דערהערט נאָר דעם גרינעם מוהל מאַכען די ברכה,— הויבט עס אָן צו וויינען!

דריי איך מיך ווידער אַרום אָן אַ דזשאַב און איך טרייסט מיך, כאָטש צוריקגעשמועסט, איז מיר נישט, חלילה, אַזוי שלעכט, אַז כ׳זאָל מיך דאַרפען טרייסטען. ס׳ווייב שרייט נישט: „פּרנסה!“ און די קינדערלעך רופען נישט „עסען“ דערוויל בין איך איין מענש! און איין מענש, — גיט זיך אָן עצה!

און דעריבער, אַז כ׳דאַרף נישט טרייסטען מ י ך, — טרייסט איך אַ נ ד ע ר ע. כ׳האָב אַנטדעקט אין מיר אַ ניי פאַך, — כ׳בין אַן אויסגעצייכענטער טרייסטער.

כ׳האָב פאַרגעלייגט מ׳זאָל מיר געבען אַ דזשאַב אַלס טרייסטער ווען עס קומען־אָן שיפען מיט די. פּי׳ס.

האָט מען מיר אָבער אויפגעקלערט, אַז מ׳דאַרף עס נישט. ווארים — ווען די גרינע קומען־אָן, דאַרפען זיי נאָך נישט, אַז מ׳זאָל זיי טרייסטען; און שפּע־טער, — העלפט שוין נישט דאָס טרייסטען!

## אַי, ווען איך בין גאָווערנאַר!

כ׳בין עפּעס היינט אין אַ גאַר גוטער שטימונג!

און פרעגט מיך בחרם, וואָס עס איז די גדולה אויף מיר. כ׳ווייס, אפשר דערפאַר, וואָס כ׳בין נישט היינט **אויף** דער ערד, נאָר כ׳בין **אונטער** דער ערד?

כ׳האָב אַריינגעבראָקט אַ דאַים און מיך אַראָפּגעלאָזט אונטער דר׳ערד. אַביסעל פאָר איך אין סאָבוועי און אַביסעל זיץ איך אויף די בענק אין די סאָבוועי-סטאַנציעס.

וויל איך, פאָר איך אַפּטאַון; וויל איך, פאָר איך דאַון-טאַון. וויל איך, פאָר איך עקספּרעס; וויל איך — פאָר איך לאָקאַל. און אַז איר ווילט, פאָר איך טאַקע לאָקאַל. כ׳בין נישט בדלות אַז כ׳וועל אָנקומען מיט אַ האַלבער שעה שפּעטער. וואָס, מ׳שטיינס געזאָגט, האָב איך דען צו פאַרשפּעטיגען? ! דאָס, וואָס כ׳האָב פאַרשפּעטיגט און כ׳בין נישט אָנגעקומען אַהער כאָטש מיט אַ צוואַנציג יאָר צוריק — דאָס וועל איך שוין אפילו מיט קיין עקספּרעס אויך נישט דעריאָגען! ...

און זאָגט וואָס איר ווילט, כ׳פיל מיך גאַנץ גוט אונטער דר׳ערד. ס׳איז אַ וועלט פאַר זיך. שוין דאָס אַליין, וואָס אונטער דר׳ערד האָב איך נישט צו טאָן מיט קיין באָסעס, וואָס זאָגען מיר אָפּ, ווען כ׳קום פרעגען אויף אַ דזשאָב, — שוין דאָס אַליין איז ווערט ס׳גאַנצע געלט!

זיץ איך מיר אַזוי אויף דער פּלאַטפאָרם און זע ווי די טרעינס פאָרען אַהין און צוריק. דער טונעל שלינגט-איין און שפּייט-אויס, יעדע פּאָר מינוט, אַן אַנדער צוג.

איך קוק אויף די פאַרשידענע אויטאָמאַטען און איך באַוואונדער, ווי חכמה׳דיג זיי זיינען געמאַכט; איר וואַרפט אַריין אַ קוואָדער און דער אויטאָמאַט וואַרפט צוריק אַרויס צוואַנציג סענט „טשענדזש“. קיינאיין סענט נישט מער. באמת גאָט׳ס וואונדער! אָבער פונדעסטוועגען וואָלט איך נישט ריזיקירט, גראָד אויף מיין שלים׳מזל וועט זיך די מאַשין פאַרהאַקען און כ׳וועל

נישט האָבן נישט דאָס טעפּעלע קאַקאָ־קאָלאָ, און נישט דעם קוואָדער. מה־דאָך איך ריזיקיר נישט קיין פּעני, וועל איך גיין ריזיקירען אַ קוואָדער ? !

און זייענדיג אַזוי פאַרזונקען אין מיינע אונטערערדישע מחשבות, נעם איך מיר מאַכען אַ שטיקעל פילאָזאָפישען חשבון :

וואו בין איך ?—אין ניו יאָרק ! און וואָס איז אין דער הויך, איבער מיר ? — אויך ניו יאָרק ! האָבן מיר, הייסט עס, צוויי ניו יאָרקס : אַ ניו יאָרק א ו י ף דר׳ערד, און אַ ניו יאָרק—א ו נ ט ע ר דר׳ערד. צוויי וועלטען אין איין שטאָט. אַן אויבערשטע וועלט פאַר מענשען מ י ט קאָרס, און אַן א ו נ ט ע ר ש ט ע וועלט פאַר מענשען אָ ן קאָרס. שטעלט זיך אַ קשיא : פאַרוואָס ליגט מען אַריין ס׳גאַנצע דאָברי־מזל אין דער אויבערשטער וועלט, און די אונ־טערשטע וועלט, האָט מען אין דר׳ערד ? !

אַלע רייסען זיך אַרויף אין דער הויך, און איך זע נישט די גליקען !

גלויבט מיר, ווען איך בין גאָווערנאָר, וואָלט איך איבערגעדרייט ס׳רע־דעל ! פונ׳ם גאַנצען אונטער־דר׳ערד, וואָלט איך געמאַכט אַ צאַצקע !

כ׳בעט אייך, פאַרוואָס טויג נישט אונטען ? ס׳איז נישטאָ קיין לופט ? — און אויבען האָט איר דען יאָ לופט ? !

וואָס וועט איר זאָגען : אויבען איז דאָ אַ זון און אַ לבנה, און אונטען מוז מען אָנקומען, בייטאָג און ביינאַכט, צו דער עלעקטרי־קאָמפּאַני ?—איך האַלט, אַז דאָס איז נישט קיין חסרון, נאָר — אַ מעלה !

די עלעקטרי־קאָמפּאַני מאַכט נישט אַזעלכע מאַנקי־ביזנעס ווי די זון.

אַז איר צאָלט איין אין עלעקטרי־קאָמפּאַני אייער ביל, — גיט איר אַ קוועטש און ס׳איז ליכטיג. אָבער מיט דער זון זענט איר קיינמאָל נישט זיכער.

אַי וועט איר זאָגען, אַז אין דער הויך זיינען דאָ פּאַלאַצען מיט הייזער, מיט וואָלקענקראַצערס, און אונטען איז צומאָל קיין באָנגאַלאָו נישטאָ ? !

איז אָבער דער תירוץ, אַז מ׳האָט סיי־ווי אַ מכה פון די אַלע הייזער און וואָלקענקראַצערס, ווארום קיין אַפּאַרטמענט קאָנט איר סיי־ווי נישט באַקומען.

דערפאַר טאַקע זאָג איך : ווען איך בין גאָווערנאָר, טראָג איך איבער דעם גאַנצען סענטער—אונטען אַראָפּ. און כ׳וואָלט געלאָזט אויפבויען די טוי־זענטער מיילען טונעלען, וואָס פוסטעווען, דרייען זיך אַרום ליידיג און וואַר־טען ביז עס וועט אַדורכפאָרען אַ טרעין...

קודם כל וואָלט איך אונטען אויפגעבויט בלאָקען מיט אַפּאַרטמענט־הויי־זער. דערנאָך וואָלט איך געלאָזט פלאַנצען בוימער, כ׳וואָלט געשאַפען פּאַרקס

און געמאַכט שאַפּינג־סענטערס. זאָלען זיי מיר אין דער הויך, נישט זיין קיין גרעסערע יחסנים, ווי די איינוואוינער פון אונטען!

און כדי מ׳זאָל מיר נישט אויסשטעכען די אויגען, אַז מ׳קאָן נישט אונטען שפּילען אין בייזבאָל, וואָלט איך אַפילו דאָרט אויפגעבויט אַ יענקי סטאַדיום. אַ פאַרברענטער בעיזבאָל־שפּילער איז אַפילו גרייט צו לויפען אונטער דר׳ערד און זען ווי מען צע׳ממית׳ט זיך.

און אַז דאָס אַלץ וואָלט געווען פאַרטיג, וואָלט איר געזען, ווי ס׳וואָלט געוואָרען אַ געלויף פון עולם אין דער הויך צו מיר אונטער דער ערד אַראָפּ!

מען וואָלט דאָרט, ביי מיר, געהאַט פון כל־טוב, וואויינונגען נאָענט צו דער סאָבוועי־סטיישאָן און ווען די צוגען פאָרען פאַרביי, וואָלט געווען „עיר־קאָנ־דישאָנינג״, אויטאָמאַטען—מכל המינים, און טאָמער איז דאָס ווייניג, זיינען נאָך אויך פאַראַן ציימונגען, איינגאַנצען אומזיסט. מען גייט־צו צום ערשטען, בעסטען פּאַפּיר־קאַסטען און איר שלעפּט אַרויס, וועלכע ציימונג אייער האַרץ גלוסט נאָר אַליין. איר זאָלט נאָר האָבען אַזוי פיל כוח צו שלעפּען, וויפיל איר וואָלט געקענט אַרויסשלעפּען!

און אַ חוץ אַלעם, אין פאַל פון אַ דריטער מלחמה, זענט איר דאָך אַ גליקליכער מענש! די, וועלכע וואוינען אויבען, דאַרפען ערשט אַראָפּלאַפען אונטען, אָבער איר? — איר ליגט ביי מיר שוין אונטען, נאָך פון פריהער!

אָבער וואָס קומט אַרויס פון מיינע פּלענער, אַז כ׳האָב נישט קיין דעה! דערווייל בין איך אַ גרינער, און אַ גרינער קאָן נישט לויפען פאַר גאָווערנאָר; העכסטענס קאָן ער לויפען וועגען אַ דזשאַב, טאַ וואָס זיץ איך? לאָמיך טאַקע אויך לויפען! האָט מיר און זייט מיר!

# אויף דער יבשה גייט שווער, אפשר וועט אויפ׳ן וואַסער גיין גרינגער?

אַ מאָדנע זאַך: זינט כ׳האָב וואַקאַציע, פיל איך מיך גאָרנישט ווי קיין „גרינער״, — כ׳פיל מיך ווי אַ מענש!

כ׳האָב היינט אַ בליק געטאָן אין שפיגעל, האָב איך דערזען, אַז כ׳האָב מיך גאָר שיין פאַפּראַוועט און כ׳נעם־צו וואָג.

כאָטש, צוריקגעשמועסט, איז דאָ, אין אַמעריקע, גאָרנישט אַזאַ גרויסע מעלה, אַז מען נעמט־צו וואָג. דאָ טוט מען אַלץ אין דער וועלט צו פאַרלירען וואָג, און אויב מען פאַרלירט נישט מיט גוטען, פאַרלירט מען מיט בייזען,—מען גייט אויף אַ „דאַיעט״.

אַז איר רעדט מיט פינף אַמעריקאַנער, גייען פיר פון זיי אויף אַ „דאַיעט״, און דער פינפטער וועט אויך גיין, נאָר ער לייגט עס דערווייל אָפּ אויף נאָך אַ וואָך!

אָבער איך דאַרף דאָס אַלץ נישט, אַז כ׳וועל וועלען פאַרלירען וואָג, האָב איך אַ בעסער מיטעל,—כ׳הויב ווידער אָן זוכען אַ דזשאַב, פאַרליר איך באַלד וואָג.

דערווייל גייט מיין וואַקאַציע גאַנץ גלאַטיג, אָבער, אַז איר ווילט, איז עס יאָ וואַקאַציע און ס׳איז נישט וואַקאַציע. איך אַליין אַרבעט טאַקע נישט, אָבער דער קאָפּ אַרבעט. און אַז עס רוקט זיך אונטער אַ פּלאַן, אָן אויפטו, אַ דזשאַבעל, אָדער אַ זייטיג פּרנסה׳לע, — שלאָף איך נישט!

כ׳האָב אָנגעהויבען כאַפּען פיש, האָב איך אָפּגעהאַקט. כ׳דאַרף זיי אויף כפרות! כ׳האָב געוואָלט כאַפּען, נאָר אַז ס׳גייט נישט,—טאָ כאַפּט זיי דער וואַטענמאַכער! כ׳האָב איינגעזען, אַז כאַפּען פיש, איז פאַר אַ גרינעם, אַ ווערעמדיגע פּרנסה!

נאָר מילא, מיט די פיש בין איך טאַקע אויף מעסער־שטעך, אָבער מיט׳ן וואַסער לעב איך יאָ בשלום. כ׳בין כסדר אויפ׳ן ביטש. אויפ׳ן ברייטאָן ביטש, אויפ׳ן שמאָלען ביטש, אין קוני איילאַנד; און לאָמיך אייך זאָגען, אַז כ׳פיל מיך אויפ׳ן ביטש ווי אין דער היים. קודם־כל איז דאָרט נישטאָ קיין אונטערשיד, יאָ־

גרינער, נישט-גרינער,—אַלע זיינען גלייך, אַלע גייען נאַקעט און באַרוויס! און קוים זעט איר אויף עמיצען אַ שטיקעל שטאָף, — כאַפּט איר אַ מציאה!

און דאָס באַדען זיך, האָב איך ליב ס׳לעבען; נישט אַזוי ווייט דאָס אַריינגיין אין וואַסער האָב איך ליב, נאָר—דאָס אַרויסקומען פון וואַסער; און ביים אָפּ־טריקענען זיך, קומט מיר ממש צו אַ שטיק געזונט.

ליג איך מיך אַזוי אויפ׳ן זאַמד מיט אַ רואיגען קאָפּ; כ׳האָב נישט קיין מורא, אַז מ׳וועט מיר צו׳גנב׳ענען דאָס אָנטועכץ און מ׳וועט מיר עפּעס אַרויס־ציהען פון די קעשענעס, סיי־ווי זיינען די קעשענעס ליידיג און די הויזען גופא זיינען אויך נישט קיין גרויס פאַרמעגען.

און די זון ברענט, און דער הימעל איז בלאָ און אַ ווינטעל בלאָזט, און די כוואַליעס פּאַטשען און דער מאָגען שפּילט אַ מאַרש אַזוי, אַז כ׳דאַרף שוין נישט קיין ראַדיאָ-אַפּאַראַטעל ביים אויער, ווי אַלע אַנדערע געסט אויפ׳ן ביטש האָבן.

און אין אַזעלכע זיסע מאָמענטען, צי איר ווילט יאָ, צי איר ווילט נישט,— מוזט איר אַ טראַכט טאָן וועגען אַ דזשאַב און וועגען פּרנסה.

און פּרנסות, איר הערט, וואַלגערן זיך אַרום אויפ׳ן ביטש, גאַנצע זשמע־ניעס; מ׳דאַרף בלויז וויסען ווי אַזוי זיי אויפצוהויבען.

כ׳האָב מיך אַרומגעזען, אַז די, וועלכע גייען אַרום אויפ׳ן ביטש און פאַר־קויפען בייגעל, מאַכען גאָלדענע געשעפטען.

טראַכט איך מיר: פאַרוואָס זאָל אַזאַ איד ווי איך, אויך נישט גיין אין ביז־נעס? קיין גרויסע קאַפּיטאַלען דאַרף מען נישט צו קיין בייגעל, און די גרויסע חכמה וואָס שטעקט אין דער בייגעל, זע איך אויך נישט; פאַרוואָס׳זשע זאָל איך טאַקע נישט פּרובירען מיט בייגעל?

האָב איך באַשלאָסען אָנצוהויבען דינסטאָג, — ס׳איז אַ מזל׳דיגער טאָג; און אויב בייגעל, איז גוט מיט אַ שותף: חצי שלי, חצי שלך!

בין איך אַרומגעקראָכען מיט מיין שותף (אויך אַ גרינער) און מיט די ביי־געל, און קיינער פון עולם האָט זיך נישט אומגעקוקט אויף אונז; און ווען מיר אַליין האָבען זיך אַרומגעקוקט, האָבען מיר דערזען, אַז ביסלעכווייז האָבען מיר אויפגעגעסען די ביזנעס. מע׳זעמיר געבליבען מיט בלויזע שנירלעך און די ביי־געל זיינען נעלם געוואָרען.

האָבען מיר זיך אַרומגעזען, אַז ס׳איז דאָ אַן אַנדער אַרטיקעל ביי וועלכען מ׳קען מאַכען אַ שלל מיט געלט,—ביי טשערס. אַזוי ווי דער עולם אויפ׳ן ביטש

צאָלט אין טאָג אריין פאַר אַ שטיקעל שטול, און שטולען זיינען דאָ ווייניגער ווי זיצערס, דאַרף מען מאַכען אַ שטיקעל ביזנעס מיט שטולען.

וואו־זשע אָבער שאַפט מען שטולען?

האָבען מיר ביידע אָפּגעמאַכט, אַז יעדער זאָל אויסבאָרגען ביי זיין באַלע־באָסטע אַ שטול, מיטברענגען די צוויי שטולען אויפ׳ן ביטש און זיי פאַרדינגען פאַר אַ ביליגען פּרייז; לאָמיר זאָגען אַ דאַים—אַ זיץ, און אין די וויק־ענדס — אַ ניקעל טייערער.

און מיט די שטולען האָבען מיר דוקא יאָ געטראָפען; הלואי וואָלטען מיר גע־האַט אַזוי פיל, ווי מ׳וואָלט זיי אַלע פאַרצוקערט. אָבער אַז ס׳איז נישטאָ קיין מזל, — העלפט נישט. באַלד אין ערשטען טאָג זיינען מיר געגאַנגען געבראָכען. ס׳הייסט, נישט מיר, נאָר—די שטולען.

איין שטול איז אינגאַנצען נעלם געוואָרען צוזאַמען מיט׳ן זיצער. פאַר־שוואונדען ווי אין וואַסער אריין, און דער צווייטער שטול איז צעבראָכען גע־וואָרען אויף פּיץ־פּיצלעך. און צוליב וואָס מיינט איר איז געשען ס׳אומגליק?— צוליב נארישע זיבעציג פונט. דער שטול האָט נישט אויסגעהאַלטען מער ווי הונדערט און אַכציג פונט, און די ליידי האָט, אָן עין־הרע, געוואויגען קנאַפּע 250! און מיט׳ן באַד־קאָסטיום, — אפשר נאָך אַ האַלבען אונץ!

זיינען מיר ווידער געבליבען ווי אויפ׳ן וואַסער!

זאָגט צו מיר מיין גרינער שותף: ווייסטו וואָס, כ׳האָב אַן אויפטו! כ׳האָב געהערט זאָגען, אַז די גאָווערמענט צאָלט צוואַנציג דאָלער, אויב מ׳ראַטעוועט אַרויס עמיצען פון וואַסער; טאָ לאָמיר זיך אַוועקזעצען ביים ברעג און וואַרטען אויף אַ געלעגענהייט... און אויב עס וועט זיך עפּעס מאַכען, איז פּיפטי־פּיפטי, מיר אַ צענערל און דיר אַ צענערל!

האָבען מיר זיך אַוועקגעזעצט ביים ברעג און — אַ נעכטיגער טאָג! אויף אונזער שלימ׳מזל קענען אַלע שווימען...

רוף איך זיך אָפּ צו מיין שותף:

— הער אויס, וועלוועל! פון דעם קאָרן וועט קיין ברויט נישט זיין! דו זעסט דאָך שוין, אַז מיט פרעמדע הענט איז גוט פייער צו שאַרען, טאָ לאָמיר אַליין מאַכען די קונץ. א י ך וועל אַריינשפּרינגען אין וואַסער, כ׳וועל מיך אַביסעל צעשווימען, און אַז כ׳וועל נעמען פּאָכען מיט דער האַנט, זאָלסטו ווי־סען, אַז איך פּאָכע מיט דער נשמה, איך האַלט שמאָל און מ׳דאַרף מיך ראַטעווען. דאַמאָלס וועסטו אַריינשפּרינגען, וועסט מיך אַרויסראַטעווען און מ׳עט באַלד

דערנאָך גיין איינקאַסירען, און אַז כ'וועל זען, ס'איז אַ עניין, וועל איך מיך יעדען טאָג טרינקען עטליכע מאָל און מ'עט אין פּאַרלויף פון זומער קענען קו-מען צו אַ שיינע פּאָר דאָלער . . .

גערעדט און געטאָן. כ'האָב אַריינגעפּלאַצט אין וואַסער און גענומען שווי-מען.

געווען שוין אַ שפּאָר ביסעל פון ברעג, הויב איך אָן פּאָכען מיט דער האַנט, אַפּמאָך איז אַפּמאָך.

אָבער איך פּאָכע און וועלוועל שווייגט. ער זיצט ווי קיינמאָל גאָרנישט.

נעם איך שוין פּאָכען מיט דער צווייטער האַנט אויך; אָבער מיינער זיצט עס זאָל דאָס אים טשעפּען אויף אַ האָר!

נעם איך שוין שרייען: וועלוועל, וואו ביזטו? ! זייַ נישט ווי קיין ליימענער גולם! ! ראַטעווע! !

הויבט זיך וועלוועל נישט אויף, נאָר שרייט צו מיר צוריק זיצענדיג: „אייל זיך נישט, מענדעל! כ'האָב געהערט זאָגען, אַז אויב מען שלעפּט אַרויס אַ טוי-טען, קריגט מען טאָפּעלט באַצאָלט!

האָב איך דאָך געזען, אַז ער מאַכט פון מיר קאַטאָוועס, האָב איך באַ-שלאָסען אויפצוהערען זיך צו טרינקען, און ווייטער צו שווימען.

און אַזוי שווימענדיג האָב איך דערווייל אָנגעכאַפּט נאָך אַ שווימער ביים פּוס.

פרעגט מיך יענער: מיסטער, וואָס זוכט איר ביי מיר?

זאָג איך: אַ דזשאָב!

פרעגט יענער: אין וואַסער זוכט איר אַ דזשאָב!

זאָג איך אים: מיסטער, לערענט מיך נישט וואו צו זוכען דזשאָבס, כ'האָב שוין געזוכט מער דזשאָבס פון אייך!

זאָגט ער: מער פון מיר — אוודאי נישט! איך בין אַ גרינער!

זאָג איך: און ווער, מיינט איר בין א י ך, — אַ ג ע ל ע ר? ! כ'בין אויך אַ גרינער!

און ביידע זיינען מיר צוגעשוואומען צום ברעג און אַרויס פון וואַסער מיט גאָרנישט. אודאי — מיט גאָרנישט. אַז מ'קען נישט געפינען קיין דזשאָב אויף דער יבשה, — קען מען אויפ'ן וואַסער אודאי און אודאי נישט געפינען!

אָבער שלאָפען טאָר מען נישט, מ'דאַרף זען עפּעס ווייטער צו טאָן! לאָזט, באַלעמוטשעט מיך נישט!

# איך זוך פרנסה אין קוני איילאַנד!

כ׳האָב היינט אָפּגעהאַרעוועט אַ טאָג, אַז כ׳לעב קוים. כ׳בין געווען אין קוני-איילענד!

וואָלט כאָטש די האַרעוואַניע געווען צוליב ביזנעס, וואָלט מיך נישט געאַרט; איז עס אָבער געווען מער צוליב פּלעזשור, ווי צוליב ביזנעס.

כ׳האָב מיך נאָך אין מיין גאַנץ לעבען אַזוי פיל נישט געהוידעט, וויפיל כ׳האָב מיך אויסגעהוידעט אין היינטיגען טאָג.

כ׳האָב שוין אין מיין לעבען, איר ווייסט דאָך, געהאַט פאַרשידענע צייטען. כ׳בין שוין געווען אויפ׳ן פערדעל און אונטער׳ן פערדעל. אָבער אין קוני איילענד בין איך כסדר געווען מער אונטער׳ן פערדעל, ווי — אויפ׳ן פערדעל. אויף וואָס פאַר אַ פערדעל איך האָב מיך אַרויפגעזעצט, איז מיר גע־גאַנגען מיט דער פוטער אַראָפּ!

מאָלט אייך, כ׳בין אַפילו געפלויגען אויף אַן עראָפּלאַן אויך. פאַרשטייט זיך, אַז ס׳איז נישט געווען קיין וואַזשנער עראָפּלאַן. פאַר די נאַרישע פאַר סענט, וואָס כ׳האָב באַצאָלט, וועט מען דאָך מיך נישט אַרויפזעצען אויף אַ באָמבער, צי אויף אַ „בי. 29״! ס׳אַ פשוט עראָפּלאַנדעל פון בלעך. מ׳דאַרף האָבען אַ בלעכענעם יצר הרע, אַז מ׳זאָל פליהען דערויף. אָבער איך בין דאָך אַ גרינער, — בין איך געפלויגען, וואָס האָב איך דען צו פאַרלירען?!...

און אַז כ׳בין בשלום אַראָפּ פון עראָפּלאַן, האָט מען מיך אויפ׳סניי אויפ־געהופען צו „מפטיר״ אויף אַ קאַרוסעל. און אַזוי ווי עס פּאַסט מיר נישט אָפּ־צוזאָגען, האָב איך מיך געדרייט. אָבער גראָד דאָס דרייען זיך, אַרט מיך נישט. כ׳בין דוקא געווען דער בעסטער דרייער אויף דער גאַנצער קאַרוסעל. כ׳האָב דאָך „עקספּיריענס״. איך דריי מיך שוין אַזוי אין אַמעריקע—אַ האַלב יאָר צייט!

און ערשט נאָכ׳ן אָפּדרייען זיך, גייט ווידער אַ סדרה פון שיסען.

איינער שטייט אינדרויסען פאַר אַ סטאָר און „דרעפּטעט״ דעם עולם. ער קוקט נישט: יונג צי אַלט, — אַלע צו דער ביקס!

נעבען מיר איז געשטאַנען אַ איד פון אַ יאָר 70, און האָט געשאָסען, אַז ס׳איז נעגאַנגען אַ רויך. און נעבען אים איז געשטאַנען זיין ווייב און האָט געשעפּט נחת. „אויף מיין מאַן״, זאָגט זי, „קאָן איך זיך פאַרלאָזען!״

זע איך, אַז אַלע שיסען, — האָב איך אויך געשאָסען. מ׳האָט מיר שוין לאַנג געזאָגט, אַז מ׳דאַרף נישט זיין דער גרויסער פּלאָקענשיסער, צו קאָנען שיסען אין קוני איילאַנד. האָב איך גענומען די ביקס און פּיף־פּאַף, כ׳האָב אויך געקנאַלט! און ווער, מיינט איר, איז געווען דער ש ו נ א מיינער? — אַ פּאַפּירענע קאַטשקע, אַ בלייענער סאָלדאַט און אַ בער אויסגעשטאָפּט פון וואַטע!

האָב איך זיך איינס־און־צוויי געספּראַוועט מיט מיינע שונאים און זיי אַוועקגעלייגט. הלואי זאָל איך אַזוי מורא האָבען פאַר מיינע גוטע פריינט, ווי כ׳האָב מורא פאַר מיינע שונאים!

אַוועק פון שלאַכטפעלד, בין איך געגאַנגען צו די שפּיגלען.

האָב איך מיך אָנגעקוקט אין די שפּיגלען, האָב איך שיער אַוועקגע׳חלש׳ט.

אין איין שפּיגעל בין איך געווען גראָב און קיילעכדיג; כ׳האָב אויסגעזען אַזוי, ווי כ׳וואָלט שוין, מינדעסטענס, אַ האַלב יאָר צייט געהאַט אַ דזשאָב.

אין אַ צווייטען שפּיגעל האָב איך אויסגעזען שמאָל און לאַנג און פּלאַטשיג און צוזאַמענגעפּרעסט, ווי כ׳וואָלט נאָר־וואָס אַרויס פון סאָבוועי אין די „ראַש־אוערס״.

אין אַ דריטען שפּיגעל האָב איך סתם אויסגעזען ווי אַ פאַרזעעניש. אַז כ׳האָב אַ קוק געטאָן ווי כ׳זע אויס, איז מיר ערשט קלאָר געוואָרען, פאַרוואָס עס גייט מיר אַזוי שווער מיט באַקומען אַ דזשאָב. מ׳דאַרף זיין אַ מלאך, אַז מ׳זאָל אויף אַ שטעלע וועלען אָננעמען עמיצען מיט אַזאַ פּנים! . . .

אָבער אַ מינוט שפּעטער, נאָכ׳ן אַוועקגיין פון די שפּיגלען, האָב איך שוין ווידער געטראַכט וועגען תכלית.

ווי לאַנג קאָן מען זיך, סוף כל סוף, אַרומדרייען אָן אַ שטעלע? אפשר איז מיר גאָר באַשערט, אַז די ישועה זאָל קומען פון קוני איילאַנד? אַזויפיל מענשען מאַכען דאָ אַ לעבען, פאַרוואָס׳זשע זאָל נישט קלעקען פאַר מיר אויך?

איז אָבער די מעשה די, וואָס כ׳האָב מיך געכאַפּט צו־שפּעט. ווען איך קום קיין אַמעריקע מיט יאָרען צוריק, וואָלט א י ך מיט אַנדערע געדרייט אויף דער קאַרוסעל, און נישט דערלאָזט, אַז אַנדערע זאָלען דרייען מיט מיר... און אפשר, כ׳ווייס, וואָלט איך שוין היינט געהאַט אַן אייגענע קוני איילאַנד, אַ קשיא אויף אַ מעשה?!

אָבער, — מ׳טאָר זיך נישט מיאש־זיין און מ׳טאָר נישט פאַרלירען דעם קאָפּ. מען מוז זוכען ווייטער.

און גייענדיג און זוכענדיג טראַכט איך מיר אַזוי:

ווען די געסט וואָלטען געהאַט שכל, וואָלטען זיי זיך נישט גערדאַרפט אַזוי פיל מאַטערען. איך וואָלט זיי אַרויסגעהאָלפען אין דער אַרבייט, און זיי וואָלטען מיר געגעבען צו פאַרדינען פאַר דער טרחה.

איינער, למשל, האָט חשק צו פליען אויף אַן ערעאָפּלאַנדעל, נאָר ער האָט מורא, ער ציטערט, — וואָלט איך פאַר אים געפלויגען. איך וואָלט י אַ ריזיקירט!

אַ צווייטער, למשל, האָט חשק צו דער קאַרוסעל, אָבער ער קאָן נישט דערפון געניסען, ווייל ס'מישט זיך אים אין קאָפּ, — וואָלט איך מיך אַריינגעזעצט פאַר אים. ס'מאַכט נישט אויס, צוליב פּרנסה מעג זיך מישען אין קאָפּ!

אַ דריטער, למשל, קומט קיין קוני איילאַנד מעסטען די כוחות. ער דאַרף געבען אַ זעץ מיט'ן האַמער, און דער ווייזער פון אַפּאַראַט דאַרף ווייזען, ווי ווייט די כוחות פונ'ם זעצער דערגרייכען. און אַז עס טרעפט זיך אַ גאַסט, וואָס לעבט קוים, און האָט צומאָל נישט קיין כוח אויפצוהויבען דעם האַמער, — וואָלט איך אַזאַ איינעם מיטגעהאָלפען. נאַ דיר, ברודער'ל, אַ זעץ, אָבער — באַצאָל! זאָל זיין פון אַ זעץ, אַבי פּרנסה!

אָבער פונ'ם גאַנצען טראַכטעניש איז גאַרנישט אַרויסגעקומען. מענשען זענען דאָך עגאָאיסטען און זיי ווילען אַלץ אַליין פאַרכאַפּען!

די איינציגע שטעלע וואָס כ'וואָלט יאָ געקאָנט האָבען אין קוני איילאַנד, איז — צו אַרבייטען אַלס אינדישער פאַקיר. דאָס איז אַפילו אַזאַ דזשאַב, צו וועלכען מ'לאָזט-צו די גרינע אויך, און די אינדישע יוניאָנס קוקען דורך די פינגער; אָבער ס'קומט אָן מיט'ן טויט צו מאַכען דערפון אַ לעבען! מ'דאַרף ציהען סטענגעס, בייסען שווערדען און שלינגען פייער. נו, איז דאָס פאַר מיין מאָגען?!

האָב איך דעריבער אַלץ איבערגעלאָזט און אַוועק. אָבער גאַנץ קוני איילאַנד קריכט מיר נאָך.

פון דער קאַרוסעל דרייט זיך מיר דער קאָפּ!

פון די שפּיגלען שווינדעלט מיר אין די אויגען!

פונ'ם שיסען רוישט מיר אין די אויערען!

פון די פרענקפורטערס בורטשעט מיר אין מאָגען!

און פון נישט געפינען קיין דזשאַב, — פּלאַצט מיר דער מוח!

אָבער, זייט נישט געפאַלען, סימפּאַטיקער מיינע, איר וועט נאָך האָבען פון מיר נחת. גוד באַי!

## אפשר ריעל-עסטייט?

איצט זע איך, אז דער זומער איז ווי „אַגגעמאַסטען” פאַר אַ גרינעם.

אמת, צו קיין דזשאָב איז דער זומער נישט קיין סגולה; דערפאַר אָבער צו אַ דירה, איז ער יאָ אַ סגולה! ביז אַ שטיק נאָך לעיבאָר-דעי בין איך פאַרזאָרגט מיט אַ דירה,—איך וואוין אויפ׳ן ביטש. און אַז מ׳וועט פאַרמאַכען דעם ביטש, וועל איך „מופען”.

דערווייל בין איך צופרידען.

קיין רענט קאָסט מיך נישט. וואָסער האָב איך גענוג און באַהייצונג פעלט מיר אויך נישט. אַ, ס׳איז ענג?—מילא, אויף אַלע „אימפּרואוומענטס”, ווי מ׳זאָגט דאָ אין אַמעריקע, קאָן זיך קיין גרינער נישט פאַרגינען. מ׳האָט שוין סיי-ווי „גרויסע אויגען” אויף אונז; מ׳האָט טענות, אַז די גרינע האָבען פאַרכאַפּט די גאַנצע זון מיט׳ן גאַנצען ביטש.

אָבער, יאָ-פאַרכאַפּט, נישט-פאַרכאַפּט, — אַבי איך רו מיר אוים אַ גאַנצען טאָג די ביינער. כ׳האָב מיר שוין אַפילו געקויפט אַ פּאָר קאָלירטע זומער-ברילען. איצט זע איך די גאַנצע וועלט אין ראָזעווע פאַרבען. און ווען נישט דאָס, וואָס כ׳בין פון צייט-צו-צייט הונגעריג, וואָלט איך געמיינט, אַז כ׳בין ראקעפעלער.

ערגער איז אָבער ווען כ׳קום אַהיים ביינאַכט שלאָפען אין מיין רומקעלע. איר דאַרפט אָנקוקען דאָס הינער-שטייגעל; אָבער די באַלעבאָסטע מיינע זאָגט, אַז עס איז אַ פּאַלאַץ!

און וויל איך זאָגען אַ חסרון, איז הימעל עפען זיך.

— מיך—זאָגט זי—קאָנט איר טשעפּען וויפיל איר ווילט, אָבער מיין אַפּאַרטמענט זאָלט איר נישט טשעפּען! די גרעסטע „גרינע” האָבען דאָ געוואוינט און זיי האָבען ביי מיר נישט געעפּענט ס׳מויל. היינט גייט זיי גאַנץ גוט. אַלע האָבען זיך אַרויפגעאַרבעט; הלואי אויף אייך געזאָגט, אָן זייער שאָדען,—זיי האָבען שוין אייגענע פּושקאַרטס!

פּרואוו איך איר זאָגען: ס׳איז ענג, כ׳קען מיך נישט אויסדרייען!

ענטפערט זי מיר: „איז וואָס־זשע, אַז איר קענט זיך נישט אויסדרייען? איר זענט נאָך קיין יאָר נישט אין אַמעריקע און איר ווילט זיך שוין קאָנען אויסדרייען? איר מיינט, אַז ווען איך בין געקומען קיין אַמעריקע, מיט פערציג יאָר צוריק, האָב איך מיך יאָ געקענט אויסדרייען?!"

איך הערט, ס'וואָלט שוין צייט געווען כ'זאָל קומען צו עפּעס אַ לייטישער דירה. ווארים אי נישט קיין דזשאָב און אי נישט קיין דירה, דאָס איז שוין צופיל אַפילו פאַר אַ גרינעם.

יאָ, כ'האָב היינט ווידער געטראָפען מיינעם אַ פעטער. איינער פון די פע־טערס, וועלכע האָבען מיך אָפּגעוואַרט ביי דער שיף.

מילא, די שמחה וואָס ער האָט געהאַט מיט מיר, איז גאָרנישט צו דער־ציילען. כ'האָב אים מכבד געווען מיט אַ סיגאַרעט, האָט ער געזאָגט, אַז ער רויכערט נאָר סיגאַרס; האָב איך אים געקויפט אַ סיגאַר.

דערנאָך האָט זיך אָנגעהויבען אַ סדרה אויספרעגענישען: ביי וואָס איך האָב מיך אַזוי שנעל איינגעאָרדענט? צי כ'בין שוין געווען אָדער—איך פאַר איצט אין די מאַונטעינס? און צי כ'זע עפּעס די אַנדערע פעטערס?

האָב איך אים געענטפערט:

— איינגעאָרדענט האָב איך מיך זעהר גוט; כ'בין שוין אַפילו געקומען צו אַן אייגען שטיקעל ביטש; אין די מאַונטעינס פאָר איך דערווייל נישט, ווייל כ'בין דאָ הי אויף אַ דאַיעט; און וואָס שייך די פעטערס, האָב איך בלויז איין פעטער געזען אין חלום, און פון די איבעריגע ווייס איך גאָרנישט. איך זע נישט און איך הער נישט.

— און מיך—ווערט ער אויפגעקאָכט—האָסטו נאָך קיין איין מאָל נישט געזען אין חלום?! שעמען מעגסטו זיך! דערווייל בין איך דיין נענטסטער פעטער פון דער מאַמע'ס צד! קיין נענטערען פעטער פון מיר האָסטו נישט דאָ אין אַמעריקע! לאָזטו צו דיר קומען אַנדערע פעטערס און אָן מיר פאַר־געסטו? וואָס'אי, א י ך האָב זיך גע'שמד'ט?!

הכלל, אַ וואָרט פאַר אַ וואָרט און ער איז באַלד ווייכער געוואָרען.

האָב איך אים געפרעגט:

— אפשר ווייסט איר עפּעס פון אַ דזשאָב, פעטער!

זאָגט ער:

— לאָז געמאַך! אַז עס גייט דיר גוט, זוך נישט קיין נייע דזשאָבס! בעט נישט אויף קיין נייעם מלך!

זאָג איך:

— פעטער, אפשר ווייסט איר וועגען אַן אַפּאַרטמענט?

זאָגט ער:

— ווילסט מיך פאָלגען, מענדעל, קויף דיר אַ הייזקע, וועט דיר אַן עול אַראָפּ פון קאָפּ! ווילסט נישט קיין גרייטע זאַך,—קויף־זשע ריעל־עסטייט און לאָז בויען! גלויב מיר, וועסט מיר דערנאָך דאַנקען פאַר דער עצה. איך ווינש דיר נית קיין שלעכטס. כ׳בין אויסן דיין טובה. כ׳בין דיין בלוט און פלייש.

ביים געזעגענען זיך, האָט מיין פעטער מיר אָנגעזאָגט:

— געדענק, מענדעל, אַזוי ווי דו וועסט נאָר אָנהויבען צו האָבען טראָבעל מיט היי־פּיוועך, זאָלסטו מיר צואווויסען טאָן. איך האָב אַ ביליגען האָטעל אין ניו־המשיר!

ס׳איז פאָרט גוט צו האָבען אַ פעטער!

## „אינשורענס קאָמפּאַניס״ רייסען זיך איבער מיר

נו, אַבי מ׳זעט זיך!

כ׳מיין, אַז איר דאַרפט מיך שוין דערקענען אַפילו אין דער פינסטער.

קיין דזשאַב האָב איך נאָך אַלץ נישט, אָבער נחת, האָב איך!

כ׳האָב מיך איבערצייגט, אַז די וועלט האַלט פון מיר. אפשר נישט די גאַנצע וועלט, אָבער די „אינשורענס קאָמפּאַניס״, די פאַרזיכערונגס פירמעס,— האַלטען פון מיר יאָ. זיי האָבען מיך ליב ס׳געזונט און ס׳לעבען.

פון וואַנען, מיינט איר, ווייס איך עס? — טאַקע פון די קאָמפּאַניס. זיי שיקען מיר כסדר אונטער אַגענטען, אַז כ׳זאָל מיך „אינשורען״.

פאַרשטייט זיך, אַז די דירעקטאָרען גופא וועלען נישט קומען צו קיין גרינעם. זיי האַלטען זיך אין דער מדרגה. שיקען זיי מ י ר דעריבער אונטער זייערע מענשען.

אַפילו היינט, אויפ׳ן ביטש, האָבען אויך עטליכע מענשען אין מיר אַריינגערעדט. זיי האָבען אָנגעהויבען צו רעדען אינדערפרי און האָבען געענדיגט ווען די זון איז אונטערגעגאַנגען. און ווען די ז ו ן וואָלט נישט אונטערגעגאַנגען, וואָלט א י ך אונטערגעגאַנגען. ווער האָט כוח צו זייער מענה-לשון? זיי רעדען דאָך פאַר פייער און פאַר וואַסער!...

אָבער צוריקגעשמועסט, — זענען זיי כשר גערעכט, יעדער איינער אין אַמעריקע מוז זיין פאַרזיכערט. און הלואי וואָלט איך שוין געהאַט מיינע עטליכע פאַליסעס אין שופלאַד, וואָלט איך מיט אייך איצט אַנדערש גערעדט.

ווען איך וואָלט געווען פאַרזיכערט, וואָלט איך איצט נישט געדאַרפט זאָרגען פאַר מיר, — די קאָמפּאַני זאָרגט שוין!

זי זאָרגט דאָך טאָפּעלט: זי זאָרגט, אַז כ׳זאָל נישט שטאַרבען צו פרי, און כ׳זאָל נישט לעבען צו-לאַנג. און כל זמן כ׳לעב, היט זי אָפּ ווי אַן אויג אין קאָפּ מיינע אינטערעסען. קודם היט זי, אַז כ׳זאָל צאָלען פינקטליך די ראַטעס, און אַ חוץ דעם היט זי, אַז עס זאָל מיר נישט געשען קיין שום שלעכטס. אַ מענש איז דאָך, סוף כל סוף, נישט מער ווי אַ מענש; און אַ „גרינער״ איז אַפילו ד אָ ס אויך נישט!

שלאָף איך טאַקע מיט אַ רוהיגן קאָפּ, אויב כ'האָב נאָר אַ פּאָליסי אונטער'ן קישען.

ס'קומט פּאַר, למשל, אין מיטען דער נאַכט ביי מיר אין וואוינונג אַ גנבה, — לאָז איך די גנבים גנב'ענען. גנב'עטס געזונטערהייט, און לאָזט'ס מיר בלויז איבער די „פייער-און-טהעפט"-פּאָליסי.

מען מאַכט אויף מיר אַ האָלד-אַפּ, יאָ ? — מאַכט און נעמט וואָס איר ווילט, איך וועל מיר שוין צוריקנעמען.

מען גיט מיר, למשל, אַ טשעק, ס'איז נישטאָ קיין דעקונג און דער אונטער-שרייבער איז משה זוך מיך, בין איך אויך נישט בדלות. זאָל מיין קאָמפּאַני זיך ברעכען דעם קאָפּ. איך האָב מיר מיינע טשעק-אינשורענס, דאַטסאָל !

כ'מאַך מיר, למשל, ביי מיר אין אַפּאַרטמענט אַ פּאַרטי, און מיט איין גאַסט געשעעט, חלילה, אַן אומגליק, — ער גליטשט זיך אויס און ער מאָנט ביי מיר אַ פינף טויזענט דאָלער,—עם טרעפען זיך אַזעלכע געסט. גיי איך צו צו אַזאַ גאַסט און איך פאַרמאַך אים באַלד ס'מויל ; כ'זאָג אים : שריי נישט, מאַך נישט קיין קולות, קום נישט צו מיר נאָכאַמאָל, און פאַר דיין היינטיגען וויזיט וועט דיר מיין קאָמפּאַני באַצאָלען,—כ'האָב אַ „לייעבילימי"-פּאָליסי.

נאָך מער : אַפילו פאַר קיין מבול האָב איך אויך נישט קיין מורא !

ממה נפשך, אויב עס מאַכט זיך אַ גאָס-רעגען מיט אַ קליין שטורעמל און די פענסטער זענען אָפן און כ'קום-אַפּ בלויז דערמיט, וואָס דער שטורעם-ווינט האָט מיר אַראָפּגעבלאָזען און צעבראָכען עטליכע אַנטיקלעך, — זאָג איך : גם זו לטובה און כ'נעם מיר אָפּ דעם היזק מיט מיין אינשורענס-פּאָליסי.

קוים אָבער ווערט אַ וויסטער מבול — אויף היינטיגע צייטען איז אַלץ צו גלויבען, — און ס'גיט מיר אַ שווענק-אַפּ מיינע אַלע הייזער און גיטער און מאַיאָנטקעס, דאמאָלס גיב איך אַ נעם-אַרוים מיין „מבול-אינשורענס"-פּאָליסי, און כ'זאָג צו דער קאָמפּאַני : „צאָלט, ברידערלעך !" און זיי צאָלען ווי די טאַטעס. סיידען די קאָמפּאַני איז אויך אָפּגעשווענקט געוואָרען פון מבול און כ'האָב נישט צו וועמען צו רעדען . . .

און אויב איר ווילט שוין גאָר שטאַרק, האָב איך נאָך עפּעס בעסערס, — כ'האָב ערד-ציטערניש !

אַ קשיא אויף אַ מעשה, טאָמער פאַרגלוסט זיך אַמאָל דער ערד צו קאַפּריזע-ווען, זי גיט אַ טרייסעל מיט'ן אַקסעל, ס'פאַלען אום עטליכע וואָלקענקראַצערס, און מיינער איז אינדערמיט, — איז וואָס'זשע מיינט איר, נעם איך מיר ס'לע-

בען ? ! — די גאַנצע מעשה וואָלט מיר געלעגען אין דער לינקער פּאה ! וואָרום,
אַז איך האָב אַן „אוירטה קוועיק"־פּאָליסי, מעג זיך די ערד ציטערען וויפיל זי
וויל, אָבער א י ך — ציטער נישט ! מ'עט מיר צוריקצאָלען ביז איין סענט
פאַר יעדען וואָלקענקראַצער !

נו, איצט פאַרשטייט איר שוין ווי זיכער מ'איז, אַז מ'איז פאַרזיכערט ? !

ז י י טראָגען דעם עול, א י ך — נישט !

אָסור, צי איך וואָלט אפילו געוואָלט טראַכטען וועגען אַ דזשאָב, ווען איך
בין פאַרזיכערט.

אָבער, צו זיין פאַרזיכערט, מוז מען דאָך האָבען די ערשטע פאַר טאָלער
ארויסצונעמען אַ פּאָליסי ; און כדי צו קומען צו די ערשטע פאַר טאָלער, דאַרף
מען דאָך האָבען אַ דזשאָב.

איז דעריבער ווידער די זעלבע מעשה :

אפשר ווייסט איר עפּעס וועגען אַ דזשאָב ? !

# כ׳גיי ווערען אַ בעיבי-סיטער!

געוואַלד, כ׳בין ווערט שמיץ!

כ׳בין שוין אַזוי פיל חדשים אין אַמעריקע, כ׳האָב מיר שוין די נעגעל אָפּגעביסען זובענדיג אַ דזשאָב, און ס׳איז מיר נאָך ביז היינט נישט איינגעפאַלען, כ׳זאָל ווערען אַ בעיבי-סיטער און קאָנען האָבען פרנסה ביז צום מויל, און אפשר נאָך—מיט אַ סמיטשיק!

עפעס אַ ווערטעלע אַ בעיבי-סיטער? ס׳איז דאָך די פאַרשפּרייטסטע פראָפעסיע אין אַמעריקע. אַלע ווייסען דערפון. אפילו קינדער אין די וויגען ווייסען, וואָס ס׳איז אַ בעיבי-סיטער!

איך מיין, אַז פון אַלע פראָפעסיעס, איז עס די גרינגסטע פראָפעסיע, ס׳איז די צווייטע תורה פון פעדערען שלייסען.

די גאַנצע חכמה פון בעיבי-סיטינג באַשטייט דעריין, אַז ס׳קינד זאָל ווייסען ווי אַזוי זיך אומצוגיין מיט׳ן בעיבי-סיטער.

און וויינט ס׳קינד, דאַרף דער בעיבי-סיטער מאַכען אַזוי, אַז ס׳זאָל אויפהערען צו וויינען; וויינט עס נישט, דאַרף ער מאַכען, אַז ס׳זאָל אָנהויבען צו וויינען.

שלאָפט נישט ס׳קינד, דאַרף דער בעיבי-סיטער זען, אַז ס׳זאָל שלאָפען; און אויב ס׳וויל נישט שלאָפען,—גיט מען דעם קינד שלאָף-פילען. אַן איבערגעגעבענער בעיבי-סיטער וועט שטענדיג געפינען אַן עצה!

ס׳אומגליק איז אָבער, וואָס די קאָנקורענץ איז זעהר גרויס. די גאַנצע פראָפעסיע איז שוין אַריין אין דער שוסטער-גאַס. ווער עס קאָן נאָר האַלטען אַ באַטעל אין דער האַנט און ווער עס קאָן אַ סמאָטשקע-טאָן מיט די ליפען, — דער איז אַ בעיבי-סיטער!

און נאָך ערגער איז דאָס, וואָס די טאַטעס באַגראַבען ס׳פאַך. די ווייבער גייען אין די מואַוויס און אין די ביוטי-פאַרלאָרס, די טאַטעס בלייבען אין דער היים ניאַנטשען די קינדער און זיי נעמען צו ס׳ברויט ביי די בעיבי-סיטערס.

ווען איך האָב די דעה, וואָלט איך אַזעלכע טאַטעס פיקעטירט. כ׳וואָלט אַוועקגעשטעלט אַ פיקעט-לאַין ביים וויגעל, ביים קערידזש, און לאָמיך זען, אַז די טאַטעס זאָלען וואַגען דורכצוגיין די פיקעט-לאַין!

ווארום, דער שכל איז אַ פּשוט'ער שכל:

אויב די מאַמע האָט אַ יאַנדעס איבערצולאָזען ס'קינד און גיין אין אַ מו־ווי, איז דער טאַטע נישט חולה איבערצולאָזען ס'קינד ביי אַ בעיבי־סיטער און גיין אויף אַ מיטינג...

זאָרגט נישט, איך וואָלט שוין געמאַכט דאָרט אַן אָרדנונג.

קודם כל — אָווערטאַיִם. נאָך 12 ביינאַכט קאָסט טייערער.

אַז ס'קינד וועקט זיך, — אַן עקסטראַ צושלאָג. מינימום, יעדער וועק—אַ קוואָדער.

ביי אַ צווילינג—אַנדערע פּרייזען, פּלוס אַ געהילף צום בעיבי־סיטער אויף די קאָסטען פון טאַטע־מאַמע.

און אַז כ'וועל, מערטשעם, דאָס אַלץ אויסקעמפּען, וועל איך האָבען פּרנסה בריוח און כ'וועל נאָך אפשר אויך קאָנען „סעיפען" אַ טאָלער. פּאַרפאַ־לען, אַז כ'קאָן נישט מאַכען קיין לעבען פון דערוואַקסענע, וועל איך פּרואווען מאַכען אַ לעבען פון קינדער.

אודאי האָט מען אַמאָל, אין דער היים, נישט געוואוסט פון קיין בעיבי־סיטערס. אונזערע באָבעס האָבען אַליין געשאָקעלט די קינדער און האָבען נישט געדאַרפט אָנקומען צו פּראָפעסיאָנעלע שאָקלערס, וואָס נעמען באַצאָלט פאַר יעדען שאָקעל. און אַז ס'קינד האָט געוויינט, האָט מען אים פאַרשטאָפּט ס'מויל, און טאַקע פאַרשטאָפּט—נישט מיט קיין באַטעל!

ערשט איצט זע איך, אַז די ווייבער אין אַמעריקע האָבען אַ גן־עדן.

זאָגט מיר, אדרבא, וואָס פעלט זיי?

קיין בעבי זויגט מען נישט, — ס'איז דאָ אַ באַטעל!

מיט דאַיפּערס פאַרנעמט מען זיך נישט, — ס'איז דאָ אַ דאַיפּער־סוירוויס!

מיט'ן קינד פאַרברענגט מען נישט,—ס'איז דאָ אַ בעיבי־סיטער!

קיין מיטאָג קאָכט מען נישט, — מען קויפט „קענס"!

קיין דישעס וואַשט מען נישט, — ס'איז דאָ אַ וואַש־מאַשין; און אויב ס'איז נישטאָ קיין וואַש־מאַשין, איז דאָך דאָ ביז הונדערט און צוואַנציג יאָר, אַ מאַן!

איז וואָס־זשע בלייבט זיי, די ווייבער, בלויז דאָס ביסעלע געלעגען ווערען אַמאָל אין אַ יובל?

אָבער—גאָרנישט, דאָס אַלץ בין איך נישט אויסען; נאָר אַז ס'קומט צו רייד, רעד איך.

דער עיקר: איך גיי ווערען אַ בעיבי־סיטער. קענטשאַפּט האָב איך גענוג און קינדערלעך האָב איך ליב ס׳לעבען. יעדעס קינד איז ביי מיר אַ מיליאָן.

כ׳דאַרף בלויז האָבען פינף קינדערלעך אַ וואָך,—האָב איך מיר דאַמאָלס מיינע פינף מיליאָן.

ס׳הייסט, ס׳רעדט זיך נאָר אַזוי „פינף מיליאָן". דערוויייל נעמט מען קוים אַכציג סענט אַ שעה,—דאָס איז דער פּרייז. נאָך איין גליק, וואָס די מאַמעס קומען אַהיים שפּעט. זיי טוען עס נישט, חלילה, פאַר זיך, צוליב׳ן „ענדזשאָיען", —זיי טוען עס צוליב׳ן בעיבי־סיטער; זאָל ער האָבען אַ טשענס; זאָל ער פאַר־דינען נאָך אַכציג סענט, נאָך אַכציג סענט!

און פאַר מיר, פּערזענליך, איז די דאָזיגע אַרבעט נאָך מער צוגעפּאַסט ווי פאַר אַלע אַנדערע בעיבי־סיטערס. איך האָב מיר מיינע באַזונדערע פּלענער; דורך דער צייט, וואָס ס׳קינד שלאָפט, לויף איך דערוויייל זיך אומקוקען ווענען אַ דזשאָב. און דערנאָך קום איך צוריק אַ קוק טאָן, צי ס׳קינד האָט זיך געוועקט. פאַרלאָזט אייך אויף מיר. דאָרט וואו מ׳דאַרף נישט קיין עקספּיריענס און מ׳דאַרף נישט קיין ענגליש, בין איך אין דער היים.

בכלל, ווינשט מיר אָן, — כ׳גיי ווערען אַ בעיבי־סיטער!

## ס׳איז גוט צו זיין אַ בעיבי־סיטער, אָבער די בעיבים שטערן...

נו, אויב איר ווילט, קאָנט איר מיר גראַטולירן,—כ׳בין שוין, מיט מזל, אַ בעיבי־סיטער!

אָבער כ׳זאָג אייך פריער, אַז ס׳איז נישט אויף לאַנג. עפּעס קלעפּט זיך מיר נישט די אַרבעט.

ס׳הייסט מיט די מאַמעס און מיט די טאַטעס וואָלט איך שוין, ווי עס איז, דורכגעקומען; אָבער מיט די קינדערלעך, זאָלן זיין געזונט און שטאַרק, גייט מיר שווער. זיי פאָלגען מיך נישט. און נישט גענוג, וואָס זיי פאָלגען מיך נישט, ווילען זיי נאָך, אַז איך זאָל זיי פאָלגען!

אָט, ווען נישט דער טראָבעל מיט די קינדער, וואָלט שוין אַלץ געגאַנגען גלאַטיק.

קיין אַרבעט פעלט מיר נישט חלילה. יעדע נאַכט גיי איך צום קינד, און אַז כ׳קום בשלום איבער די פּאָר שעה, פאַרדין איך מיר אויפ׳ן טאָג פּרנסה.

די קאַסטימערס מיינע קענען מיך שוין גוט. די קינדערלעך קענען מיך און די מאַמעס קענען מיך, און מ׳האָט מיך ליב. ס׳הייסט די קינדערלעך האָבן מיך נישט אַזוי שטאַרק ליב, אָבער די מאַמעס גייען פאַר מיר אוים. זיי צע־רייסען מיך פּשוט. מען שטופּט מיר קינדערלעך פון אַלע זייטען.

אמת טאַקע, אַז איך האָב אַ ספּעציעלען צוגאַנג צו קינדער. אַ גוטער בעיבי־סיטער איז אויך אַ שטיק פּסיכאָלאָג. מ׳דאַרף וויסען ווען אומצוגיין מיט׳ן קינד מיט גוטען און ווען—מיט בייזען.

כ׳ווייס נישט ווי איר, אָבער איך האָב אַ טבע, אַז מיט אַ אינגעל בין איך מיך נוהג אַנדערש און מיט אַ מיידעל בין איך מיך נוהג אַנדערש.

אַ אינגעל לאָזט זיך נישט שפּייען אין דער קאַשע, אָבער מיט אַ מיידעלע קאָן איך מאַכען, ווי מ׳זאָגט דאָ,—„מאַנקי ביזנעס". איך מאַך איר אַ קאָמפּלי־מענטעלע. כ׳זאָג איר, אַז זי האָט אַ שיין נעזעלע, אַ שיין מיילעכעל, שיינע אויגעלעך,—ווערט זי באַלד שטיל. גיב איך איר דעמאָלט מיט איין האַנט דאָס באָטעל און מיט דער צווייטער האַנט בלעטער איך אַ צייטונג און זוך צווישען

די אַנאַנסען אַ דזשאַב. כ׳זוך אַזוי לאַנג ביז כ׳וועד אַנטשלאָפֿן, און ווען ס׳קינד זעט, אַז כ׳שלאָף שוין, שלאָפֿט עס אויך איין!

מיט אַ אינגעל אָבער גייען נישט די אַלע קונצען. אַ אינגעל שלאָפֿט מיט איין אויג, און מיט׳ן צווייטען אויג קוקט ער, וואָס איך טו. נעם איך שאָקלען ס׳בעטל און ברום מיר אונטער אַ קאַפּיטעל תהילים... שיר המעלות ממעמקים...

האַלט ער אָבער נישט פֿון קיין תהילים און כ׳זע ער חלש׳ט, אַז כ׳זאָל אים אַנשטעלען טעלעוויזשאַן. איז כל זמן עס גייט אַ בעיסבאָל-געים, ליגט ער רואיג, אָבער אַזוי ווי דער עולם גייט זיך פֿאַנאַנדער פֿון סטעדיום, הויבט ער אָן צו וויינען. ווייז איך אים אַ פּעני. וויל ער אָבער נישט, אַז כ׳זאָל אים בלויז ווייזען, נאָר ער וויל, אַז כ׳זאָל אים געבען. נו, גיי טייל פּענים. וואָס בין איך ראַקע-פֿעלער? ! ווען איך זאָל מיר קאָנען ערלויבען צו טיילען פּענים, וואָלט איך דאָך נישט געוועזן קיין בעיבי-סיטער!

און ווען כ׳זע, אַז כ׳האָב שוין נישט קיין שום עצה, פּרואוו איך אויס ס׳לעצטע מיטעל: כ׳גיב אים אַ באָטעל מילך. טרינקט ער אויס זעקס אונצעס, לאָזט מיר איבער צוויי און ווערט ענדליך אַנטשלאָפֿען.

וואָס-זשע מיינט איר טו איך מיט די איבעריגע צוויי אונצעס? — איך טרינק זיי אויס, כ׳בין אויך אַ מאַמעס אַ קינד!

און שפּעט ביינאַכט, אַז די מאַמע קומט אַהיים, פֿרעגט זי מיך: „נו, ס׳קינד האָט געגעסען? ס׳קינד האָט געטרונקען? ס׳קינד איז געשלאָפֿען?"

ענטפֿער איך דאַמאָלס: „שור, מיר האָבען געגעסען, מיר האָבען געטרונ-קען, מיר זענען געשלאָפֿען!"

אייערנעכטן האָב איך געהאַט אַ שטיקעל דורכפֿאַל: אַ מאַמע איז אַהיים-געקומען און האָט מיך געטראָפֿען שלאָפֿען.

האָט זי געמאַכט אַ געוואַלד:

„איך וועל צאָלען בלוטיג געלט און איר ווערט שלאָפֿען?!"

זאָג איך:

„שרייט נישט, מיסעס, מאַכט נישט קיין קולות. וויפֿיל בין איך געשלאָפֿן? אַ האַלבע שעה? — נאָט אייך צוריק פֿערציג סענט און מ׳זעמער קוויט!"

אָבער נישט אַלעמאָל שלאָף איך. ס׳הייסט שלאָפֿען, שלאָף איך אָפֿט, אָבער באַפֿען — באַפֿט מען מיך זעלטען. איך בין אַ בעיבי-סיטער מיט אַ נאָז. איך דערשמעק שוין ווען די מאַמעס קומען צוריק. כ׳הער מען קריגט זיך אין עלע-ווייטאָר, ווייס איך, אַז ס׳פּאָרפֿאָלק גייט שוין; נעם איך מיך דאַמאָלס צו דער

אַרבעט. איך סאָרטיר־אויס די דאַיפּערס, איך שטעל אַוועק ס׳באַטעל, און אַז די עלטערען קומען אַריין, יאָג איך אַוועק פון קינד די פליגען.

אַט אַזוי קומט אויס צו האָרעווען אַלס בעבי־סיטער.

ביי יעדען קינד האָב איך אויסצושטיין קאַלט און וואַרעם.

נעכטען האָב איך אָפּגעבריט אַ קינד מיט אַ באַטעל. כ׳האָב אים געגעבען אַ קאָכעדיג פלעשל. פון וואַנען זאָל איך וויסען, אַז די בעיבי האָט ליב קאַלטס? איך האָב ליב קאָכעדיגס. האָט די בעיבי זיך אָפּגעבריט.

איצט בין איך שוין פאָרזיכטיגער. אַז כ׳גיב אַ קינד אַ באַטעל, גיב איך גלייך פון פרידזשידעיר. ווי זאָגט מען? — אַז מען בריט זיך אויפ׳ן הייסען, בלאָזט מען אויפ׳ן קאַלטען! עס דאַכט זיך, אַז אַ קינד איז אַ קלייניגקייט, אָבער מ׳דאַרף וויסען ווי אַזוי דערמיט אומצוגיין. מ׳דאַרף צום קינד רעדען און זינגען און גלעטען און קושען. כ׳פאַרדין מיר קושענדיג די פאָר טאָלער.

אָבער נאָך מיין הייַנטיגען דורכפאַל, בין איך אינגאַנצען אַ צעדרייטער.

מאָלט אייך, אַז איינע פון די מאַמעס האָט מיר הייַנט געגעבען אַ דזשאָב, אַז כ׳זאָל זיצען מיט איר בעיבי עטליכע שעה אין פּאַרק, ווייל זי, די מאַמע, דאַרף גיין אין ביוטי־פּאַרלאָר, און איך בין אַוועק מיט׳ן קערידזש אין פּאַרק.

איך בין געזעסען מיט׳ן קערידזש און אָפּגעהיט, אַז ס׳קינד זאָל נישט וויינען.

אַ גאַנצע שעה צייט איז געווען שטיל און די בעיבי האָט צומאָל נישט געגעבען קיין פּיפּס.

פּלוצים קומט מיר צולויפען די מאַמע און מאַכט מיר אַ סקאַנדאַל אין פּאַרק: „אַ בעיבי־סיטער זענט איר? — אַ גאַרנישט זענט איר! כ׳האָב אייך געהייסען אַראָפּברענגען די בעיבי צום קערידזש, וואָס איז געשטאַנען אונטען, האָט איר גענומען דעם בלויזען קערידזש און איבערגעלאָזט די בעיבע אינדערהיים?!״

נו, שטעלט אייך פאָר מיין געמיט. כ׳האָב מיך באַגראָבען פאַר חרפּה. ערשט דאַמאָלס האָב איך מיך געכאַפּט, פאַרוואָס די בעיבי, איז די גאַנצע צייט געווען אַזוי שטיל און נישט געגעבען קיין פּיפּס!...

# נו, וואָס ווייטער?

ס'איז מיר היינט עפּעס געווען קאַלעמוטנע אויפ'ן האַרצען און אַנגעדראַ-דעלט אויף דער נשמה. האָב איך געמאַכט אַ סך הכל פון מיין מעמד,—איז מיר געוואָרען לייכטער און פרייליכער!

כ'האָב געמאַכט אַ חשבון, וויפיל דזשאָבס איך האָב שוין געזוכט זינט כ'בין אין אַמעריקע,—בין איך געקומען צום אויספיר, אַז איך טויג מיך צום עסק; כ'בין אַן אויסגעצייכענטער זוכער.

ווען איך וואָלט געווען אַזאַ ג ע פ י נ ע ר, ווי כ'בין אַ ז ו כ ע ר,—וואָלט איך משוגע געוואָרען פון שוואוילטאַג.

וועלכען דזשאָב איר וועט אָנכאַפּען, בין איך שוין דאָרט געווען פרעגען, און אומעטום האָט מען מיר געזאָגט: „נישטאָ!"

און אויב מ'האָט עס מיר נאָך נישט געזאָגט, וועט מען עס מיר, מערטשעם, זאָגען נאָכ'ן וואַקעישאַן-סעזאָן, ווייל איצט איז געשלאָסען.

אומעטום זע איך איצט אַ שילדעל „קלאָוזד פאָר וואַקעישאָן"; און האָב איך שוין אָנגעטראָפען אויף איין אָרט, וואו עס הענגט אַ שילדעל „אָפען פאָר ביזנעס",—איז דאָרט, צו מיין שלים'מזל, אַ רעפּאָרמירטע שול!

כ'מיין, אַז כ'דאַרף אייך נישט דערציילען, אין וועלכע טירען איך האָב שוין אַלץ אָנגעקלאַפּט וועגען אַ דזשאָב.

כ'האָב געוואָלט ווערען: אַ שניידער, אַ זייגערמאַכער, אַ באַרבער, אַ משגיח, אַ מוהל, אַ חזן, אַ מסדר קידושין, אַ קדיש-זאָגער, און—ס'גייט נישט!

כ'האָב געוואָלט: פּוצען שיך, טראָגען קאַסטענס, פיקסען אויטאָמאָבילען, דרייען אַ קאָרוסעל, שרייבען רעקלאַמעס אויפ'ן הימעל, לאָזען זיך פאָטאָגראַ-פירען אויף אַדווערטייזמענטס צו טרינקען ביר, און—מ'וויל נישט!

כ'האָב געוואָלט אַרבעטען אין אַ רעסטאָראַן אַלס וועיטער, אין אַ קאָפּע-טעריע אַלס לעבעל-קוועטשער, אין אַ צירק אַלס חיה, ביי אַ בוטשער אַלס בהמה, אין אַ מואווי אַלס „באַרקער", אין טשיינע-טאַון אַלס כינעזער, אין קוני איילאַנד אַלס אינדיאַנער, אין אַ סטאָר אַלס פּיקעט-שטייער, און—מ'לאָזט ניט!

כ'האָב געזען ס'גייט נישט ביי יענעם, האָב איך געוואָלט זיין פאַר זיך.

כ'האָב געוואָלט פירען אַ ביזנעס מיט קנישעס; כ'האָב געוואָלט האַנדלען מיט ריעל-עסטעיט; כ'האָב געוואָלט עפענען אַ כינעזישע לאָנדרי מיט אַ שותף

אַ ליטוואַק; כ׳האָב געוואָלט זאַמלען די צייטונגען, וואָס מ׳לאָזט איבער אין סאָבוועי און דערנאָך זיי פאַרקויפען פאַר אַ קאָנקורענץ-פּרייז; כ׳האָב שוין אַפילו אָנגעהויבען צו פאַרדינגען אויפ׳ן בימש טשערס, און—ס׳איז נישט געגאַנגען!

ערשט נאָכ׳ן דורכלופטערען אַזוי פיל פּלענער, בין איך געפאַלען אויפ׳ן געדאַנק צו ווערען אַ בעיבי-סיטער. דער שכל איז אַ קריבער. אַזאַ קינדערישע זאַך, און ס׳איז מיר אַזוי שפּעט איינגעפאַלען!

כ׳מוז אייך זאָגען, אַז ביי די ערשטע עטליכע דזשאַבס, וואָס כ׳האָב געמאַכט אַלם בעיבי-סיטער, בין איך געווען צופרידען. אָבער איצט, אַז כ׳טראַכט אַביסעל אַריין אין דער זאַך, זע איך אַז ס׳איז נישט אַזוי געהויבען.

אין דער אמת׳ן טאַקע, וואָס וועט זיין דער תכלית? די קינדערלעך וואַקסן אונטער און איך וואַקס אונטער... כ׳נעם טאַקע אַכציג סענט אַ שעה, אָבער מיט יעדער שעה ווער איך דאָך עלטער... איז אויב ס׳איז מיר שוין באַשערט צו זיין אין אַמעריקע אַ בעיבי-סיטער און ס׳איז מיר באַשערט צו שפּילען זיך מיט קינדערלעך, קאָן דאָך דער אויבערשטער באַווייזען אַ נס, אַז כ׳זאָל מיך שפּילען מיט מיינע אייגענע קינדערלעך... כ׳זאָל ווערען אַ בעיבי-סיטער אין מיין אייגענער היים... און טאַקע מאַכען אַ סוף צו דער איינזאַמקייט...

כ׳וויל אייך דאָ נישט אויסרעכענען אַלע מיינע מעלות; אָבער כ׳וויל איר זאָלט וויסען, אַז אַ חוץ, וואָס כ׳בין אַ גרינער, האָב איך נאָך מעלות אויך!

קיין פּאָך האָב איך טאַקע נישט, אָבער, אַז מ׳דאַרף קאָן איך.

וואָס אַנבאַלאַנגט פּרנסה, ווייסט איר דאָך, בין איך אַלרייט. ס׳גייט מיר נאָר שווער, ביז איך קריג דעם דזשאַב, אָבער, אַז כ׳האָב אים שוין—בין איך פאַרזאָרגט!

זעט איר, קיין קאַפּיטאַלן האָב איך נישט, אַ חוץ—פּעטערס. אָבער גלויבט מיר, אַז מיינע פּעטערס דאָ אין ניו יאָרק, זענען בעסער פון קאַפּיטאַלען. ווארום קאַפּיטאַלען האָבען אַ טבע, אַז זיי קומען און גייען אַוועק; און מיינע פּעטערס גייען נישט אַוועק, ווייל זיי קומען קיינמאָל נישט.

די אונטערשטע שורה:

זוכט פאַר מיר אַ שידוך. אויף מיר האָט איר מיט׳ן זוכן ניט צו רעכענען. איר קענט דאָך שוין מיינע גליקען פון זוכען אַ דזשאַב. אויב ס׳זאָל מיר אַזוי גיין ביים זוכן אַ שידוך, ווי ביים זוכן אַ דזשאַב,—וועל איך קיינמאָל ניט זיין קיין בעבי-סיטער ביי זיך אַליין!

# איך שטיי אין שידוכים!

כ׳וויל איר זאָלט וויסן, אַז כ׳שטיי אין שידוכים; און לויט ווי כ׳זע, שניידט זיך בקרוב אויף אַ מזל-טוב!

ביים לויפן נאָך אַ דזשאָב, האָב איך מיך געפילט וואָס אַ טאָג — עלטער; און ביים שטיין אין שידוכים, פיל איך מיך וואָס אַ טאָג — אינגער!

מען זוכט מיך פון אַלע זייטן, און איך מאַך מיך קאַלט.

ביי אַ שידוך דאַרף מען זיין אַ דיפּלאָמאַט. מ׳דאַרף מיינען „יאָ" און זאָגן — „ניין".

און איצט האָב איך אַ נוצן פון מיין עקספּיריענס ביים זוכן אַ דזשאָב; איך באַנוץ מיך ב יידי שידוכים מיט די זעלבע תירוצים, וואָס די פאַרשידענע באָסעס האָבן מיר געגעבן, ווען כ׳האָב געבעטן אַ דזשאָב. איך ענטפער: „מ׳עט זען!" „קומט מאָרגען!" „ס׳ברענט נישט!"...

אויב איר ווילט, שטעקט אינ׳ם ענטפער אַ שטילע נקמה. און אויב איר ווילט, איז עס נישט קיין נקמה, נאָר אַ באַהאַלטענע מורא פאַר׳ן מאָרגען. כ׳האָב מורא צו נעמען אויף זיך אַן עול פון דאַרפן שאַפן צוויי ברעקפעסטס יעדן פרימאָרגען. שוין אָפּגערעדט דערפון, אַז מ׳דאַרף אויך טראַכטן וועגן צוויי דינערס יעדן טאָג!

אָבער פונדעסטוועגן איז מיין נאָטיץ-ביכעלע אָנגעפּראָפּט מיט „דעיטס". מער ווי איין מאָל מאַך איך מיט קיינעם נישט קיין זעהעכץ. וואָס דאַרף איך, אַז זי זאָל וויסען, אַז כ׳האָב נישט מער ווי איין סוט? — ס׳איז נישט קיין מעלה צו אַ שידוך!

מ׳האָט מיר גערעדט אַ שידוך מיט אַן אַמעריקאַנער מיידעל, אַ וואויל מיידעל מיט אַלע מעלות, נאָר איין חסרון, זי קאָן פרעגן אפשר צען מאָל די זעלבע פראַגע: „איר האָט אַ דזשאָב?", „איר האָט אַ דזשאָב?", „איר האָט אַ דזשאָב?"

ביים צענטען מאָל פרעגען, בין איך שוין אַרויס פון די כלים, און כ׳האָב איר געזאָגט: „הערט אויס, ליידי, ווען איך האָב אַ דזשאָב, וואָלט איך אייך געענטפערט באַלד ביים ערשטען מאָל!"

אַ צווייט מיידעל האָט מיך געפרעגט, צי איך נעם מיך אונטער נאָך דער חתונה מיט איר אויסצוגיין צוויי מאָל אַ וואָך?

האָב איך איר געענטפערט: „ביי מיינע פאַרדינסטען נעם איך מיך אונ־טער אויסצוגיין אפילו דריי מאָל יעדען טאָג!"

פרעגט זי מיך: „האַו דו יו לאַיק בעיסבאָל?"

זאָג איך איר: „וועל... קיין גרויסער תלמיד־חכם אין הלכות בעיסבאָל בין איך נישט; אָבער — כ'פאַרשטיי וועגן וואָס עס גייט דאָרט. אַלץ וואָלט גוט געווען, נאָר דאָס, וואָס די שפּילער אַמפּערען זיך אַזוי, לויפען און לייגען איין וועלטען, — דאָס געפעלט מיר נישט. ביי אַ גוטען ווילען וואָלטען זיי, פאַ מאַיעמו, געקאָנט דורכקומען מיט גוטען".

פרעגט זי מיך ווידער אויף פּלעין אידיש: „מיט וועמען גלייכסטו, מיט די דאַדזשערס, צי מיט די יענקים?"

זאָג איך: „מיר איז אייניגאַל! כ'האָב צו ביידע נישט קיין טענות!"

און דערנאָך, אַז מ'האָט אָנגעהויבען צו רעדען וועגען תכלית, זאָגט זי מיר, אַז זי האָט זעהר ליב מואווי־פּיקטשורס און ספּאָרט. זי ווינשט זיך צו קריגען אַ מאַן, וואָס זאָל האָבען אייגענע מואווים, אָדער אַן אייגענעם סטעדיום.

האָב איך דאָך שוין געזען, אַז ס'איז נישט קיין זיווג, ס'איז נישט פאַר מיינע כוחות אויסצוהאַלטען אַ גאַנצען סטעדיום נאָך דער חתונה, — האָב איך שנעל אָפּגעהאַקט. בעסער דער ערשטער רוגז, איידער דער צווייטער.

האָבען די שדכנים געזען, אַז עס גייט נישט גלאַטיג, האָבען זיי מיר גע־נומען שדכ'ענען אלמנות און גרושות.

איצט האָב איך שוין טאַקע מער שאַנסען. כ'האָב אַן אויסוואַל. און וואָס ס'וועט זיין באַשערט, דאָס וועט זיין דער זיווג.

מען רעדט מיר אַן אלמנה מיט אַ סטאָר. כ'וועל אייך זאָגען דעם אמת, אַז די סטאָר געפעלט מיר בעסער, ווי די אלמנה. כ'וואָלט גענומען די סטאָר מיט פאַרמאַכטע אויגען.

אָבער זי, די אלמנה, איילט זיך נישט.

זי וויל, — זאָגט זי, — נעמען אַ גרינעם, אָבער — מיט געלט.

האָב איך געזאָגט, אַז ווען כ'וועל האָבען געלט, וועל איך שוין דעמאָלט זיין אויס גרינער!

ביי אַן אַנדער אלמנה האָב איך גאָר געהאַט גרויס מזל. כ'האָב נושא חן געווען ביי איר, ווייל כ'זע אויס אינגאַנצען ווי איר ערשטער מאַן. און נישט

נאָר לויט׳ן כאַראַקטער בין איך ענליך, נאָר אפילו לויט די פעאיגקייטען. יענער מאַן האָט אויך נישט געהאַט קיין פּראָפעסיע. זי וויל מיך, זאָגט זי, נעמען ווי כ׳שטיי און גיי, ווייל זי זעט, אַז ס׳איז אַ זיווג מן השמים. בפירוש — אַ זיווג, וואָרים די עטליכע סוטס, וואָס זיינען געבליבען פון מאַן, האָבען דעם זעלבען „סאַיז״ ווי מיין סוט, וואָס כ׳טראָג. ס׳איז, זאָגט זי, — אַ באַשערטע און אַ פּראַקטישע זאַך. מ׳וועט גאָרנישט דאַרפען פיקסען!

און זי האָט מיך שטאַרק גענומען צורעדען, אַז כ׳זאָל מסכים זיין. כ׳וועל האָבען, זאָגט זי, ביי איר אַ גרינג לעבען, אפילו קאָכען וועל איך נישט דאַרפען, ווייל זי אַליין וועט קאָכען!

וואָלט אַלץ געווען גוט און וואויל, אָבער איין חסרון: זי האָט אַ זון פון פופצען יאָר, האָט ער אַ טבע, אַז ער שלאָגט אויב מען פאָלגט אים נישט; און אַז ער שלאָגט, שאַנעוועט ער אפילו נישט דעם טאַטען.

האָב איך אָפּגעלאָזט דעם שידוך. איך לייד נישט בטבע, אַז מען שלאָגט מיך. און אַרומגיין נאָך דער חתונה מיט אונטערגעהאַקטע אויגען איז נאָך ערגער ווי אַרומגיין אָן אַ דזשאַב.

אָבער — נישט געזאָרגט! איר וועט זען, ס׳וועט זיך שוין עפּעס אויס- פּיקען. אויב נישט היינט, איז מאָרגען, איז איבערמאָרגען. ס׳ברענט נישט!

איר וועט זען, מ׳וועט זיך נאָך פרייען אויף שמחות.

אָבער איין זאַך: וואו נעמט מען אַ דזשאַב ביז צו דער שמחה?!

# איין שידוך איז בעסער פון צווייטען

איך קום איצט פון אַ זעהעכץ.

כ'האָב מיך געטראָפן אין אַ קאַפעטעריע מיט אַ ווייבעל אין די פופציגער.

דער שדכן האָט אַפילו געזאָגט, אַז זי איז ערשט אין די דרייסיגער, זי אַליין, וואָס אַן אמת, האָט מיר געזאָגט, אַז זי איז אין די פערציגער ; אָבער לויט די מעשיות וואָס זי האָט מיר דערציילט, האָב איך געזען, אַז זי איז ניט אין די דרייסיגער און ניט אין די פערציגער, נאָר זי איז שוין, ברוך השם, אין די פופציגער.

זי וואָלט ניט — זאָגט זי — חתונה געהאַט, צום דריטען מאָל, נאָר זי טוט עס צוליב איינזאַמקייט. מיט'ן ערשטען מאַן און מיט'ן צווייטען מאַן — זאָגט זי — האָט זי אויך חתונה געהאַט צוליב איינזאַמקייט. און נאָך דער חתונה וויל זי זיך באַזעצען אויף דער פּראָווינץ, און בלויז איין מאָל אין יאָר וועלען מיר ביידע צוזאַמען אַריינפאָרען קיין ניו יאָרק צו דעם יאָר־צייט פון אירע פריערדיגע מענער.

און כ'האָב מזל, האָט זי מיר געזאָגט, וואָס דער יאָרצייט פאַלט אויס גלייך איין טאָג נאָכ'ן אַנדערען, ז' ניסן און ח' ניסן.

אַז כ'האָב דאָס דערהערט, האָב איך שוין געזען פאַר די אויגען, אַז אויב כ'וועל אין אַ מזל'דיגער שעה חתונה האָבען מיט איר, וועט מיין יאָרצייט, מערטשעם, אויספאַלען ט' ניסן...

די גאַנצע צייט האָט זי מיט מיר גערעדט וועגען דער ערשטער וועלט־מלחמה. און זי האָט געהאַט אַזוי פיל צו דערציילען וועגען דער ערשטער וועלט־מלחמה, אַז ווען מ'איז אַרוים פון קאַפעטעריע און מ'איז שוין צו צום סאָבוועי־סטעישאַן, איז זי ערשט קוים צוגעקומען צו דער צווייטער וועלט־מלחמה.

און דערווייל, צווישען דער ערשטער און דער צווייטער וועלט־מלחמה, האָבען מיר אַריינגעכאַפּט אַ פּאָר ווערטער וועגען תכלית.

די ביז־איצטיגע פּראַקטיק האָט מיר געוויזען, אַז דאָס בעסטע זעהעכץ איז נאָר אין אַ פּאַרק. מ'זיצט אָפּ אַ פּאָר שעה, ס'קאָסט נישט קיין גראָשען און דער סוף איז : יאָ־יאָ, ניין־ניין !

אַמערגסטען אָבער איז, אַז מען מאַכט אַ זעהעכץ אין אַ טעקסי, אָדער אין אַ קאַפעטעריע. אין אַ טעקסי קלאַפּט אייך ס'האַרץ, וויפיל דער זייגער וועט אויסקלאַפּען; און אין אַ קאַפעטעריע קלאַפּט אייך ס'האַרץ, וויפיל דער טשעק וועט אויסקלאַפּען.

דאָס מאָל בין איך אָפּגעקומען מיט יאַנדעס. די גאַנצע קאַפעטעריע האָט מיך געקאָסט אַ שיבוש. איך האָב איר געזאָגט, אַז כ'קום איצט פון עסען; און זי האָט מיר געזאָגט, אַז זי דאַרף באַלד גיין עסען. געענדיגט האָט זיך, אַז מיר האָבען ביידע געטרונקען „פלעין" וואַסער, מע'זעמיר ביידע אַרוים מיט נישט געלעכערטע טשעקלעך און ס'האָט ביי מיר בלויז געפּלאַצט אַ ניקעל, וואָס כ'האָב איר געבאָרגט צו טעלעפאָנירען. דער סוף איז געווען, אַז זי האָט נישט געהאַט קיין געשפּרעך, ס'איז געווען ביי איר „ביזי" און זי האָט פאַרגעסען אָפּצונעמען דעם ניקעל, וואָס איז צוריק אַרויסגעפאַלען פון אויטאָמאַט. וואָס'זשע טו איך? — כ'בין אַליין צוגעגאַנגען צום אויטאָ-מאַט, אַרויסגענומען מיין ניקעל מיט נאָך אַ ניקעל, וואָס איז דאָרט געלעגען. אַ ניקעל גייט נישט ביי מיר צו־פוס, — זאָל זיין אויף נאָך אַ שידוך!

אָבער דאָס אַלץ בין איך נישט אויסען.

כ'האָב בפירוש געזען, אַז כ'בין איר געפעלען געוואָרען. כ'האָב, זאָגט זי, טאַקט, און איך ווייס ווי אַזוי זיך אומצוגיין מיט אַ פּרויענצימער; נאָר וואָס דען? — זי האָט מורא, אַז כ'וועל מיך איבערדרייען נאָך דער חתונה. איר ערשטער מאַן, עליו השלום, איז פאַר דער חתונה אויך געווען אַ דזשענ-טעלמאַן; אָבער באַלד נאָך דער חתונה, האָט ער אָנגעהויבען צו מאַכען מאַנקי ביזנעס — מיט יעדער מאַנקי האָט ער געפלירטעוועט.

וואָס שייך דעם יחוס מיינעם, האָט זי געזאָגט, וויל זי גאָרנישט וויסען. כ'מעג זיין אַ ליטוואַק, כ'מעג זיין אַ גאַליציאַנער — ס'איז איר אַלץ איינס, וואָרים אינדערהיים וועט מען סיי־ווי רעדען ענגליש.

דערפאַר אָבער אינטערעסירט איר יאָ די פראַגע פון פּרנסה. זי גיט מיר פרייע הענט. אויב איך וויל, קאָן איך בלייבן ביי מיין פּראָפעסיע, און אויב איך וויל — קאָן איך גיין אין ביזנעס פאַר זיך.

נו, וואָס וואָלט איר, אויף מיין אָרט, געענטפערט אויף אַזאַ פראַגע?

האָב איך איר געענטפערט, אַז מיין פּראָפעסיע איז מיר שוין צוגעגעסען און פאַר'מיאוס'ט, כ'וואָלט גערן געגאַנגען אין אייגענע ביזנעס.

זאָגט זי: „אָפּ טו יו, אָבער וואָס איז, אייגענטליך, אייער פּראָפעסיע?"

נעם איך און שווייג.

זאָגט זי: „וואָס שווייגט איר? ביי קיין שידוך זיינען נישטאָ קיין סודות! אויב איר האָט שוין, פ אַ ר דער חתונה, סודות, וועט איר דאָך נ אָ ך דער חתונה אודאי האָבען?! איר ווייסט, אַז ביי אַ שידוך דאַרף מען דעם ווייב אַלץ דערציילען, אפילו — ווי עס האַלט מיט'ן באַנק-ביכעל!"

זאָג איך, שוין קאַלטבלוטיג: וואָס וועט איר האָבען, אַז כ'וועל אייך שוין דערציילען וועגען באַנק-ביכעל? — גאַרנישט! מה-דאָך אי ך האָב גאַרנישט, וועט אי ר דאָך אודאי גאַרנישט האָבען!..

דאָ האָט זי זיך געכאַפּט, אַז די מעשה איז עפּעס נישט פויגעלדיג, און האָט אָנגעהויבען אויף מיר אַנדערש צו קוקען.

— איר ווייסט, — זאָגט זי צו מיר, — איר רעדט עפּעס האַלבע ווערטער. איר זענט קאַרג אויפ'ן וואָרט. אויפ'ן טאָלער זענט איר אויך אַזוי קאַרג?

— אַ, ניין! אַז כ'דאַרף עפּעס, בין איך גרייט אויסצוגעבען ביז צום לעצטען קוואָדער!

— און אייער ווייב, האַלט איר, וועט האָבען ביי אייך אַ גוט לעבען?

— כ'מיין, אַז יאָ! זי דאַרף בלויז האָבען אַ דזשאָב!

— און איר?

— איך? — איך וואָלט, נעבעך, אויך געדאַרפט האָבען אַ דזשאָב. אפשר ווייסט איר טאַקע עפּעס וועגען אַ דזשאָב פאַר מיר?

דאָ האָט שוין די באָמבע געפּלאַצט, און זי האָט מיך אַ פרעג-געטאָן:

— מיסטער, איר זענט נישט אַמאָל אַ גרינער?

— יאָ, — זאָג איך. — פון וואַנען ווייסט איר?

— און ווי לאַנג — פרעגט זי ווייטער — זענט איר שוין אין לאַנד?

— שוין אַן ערך עטליכע צוואַנציג קאַפּיטלען! איר לייענט נישט?

— אַ, — האָט זי זיך דערפרייט, — זענט איר עס דער גרינער, וואָס דערציילט כסדר, אַז ער איז אַלרייט און מאַכט אַ לעבען?

— אומגעפער!

— אויב אַזוי באַגלייט-זשע מיך צו דער סאָבוועי און כ'האָב אייך צו זאָגען אַ וויכטיגע זאַך!

ביים געזעגענען זיך, האָט זי מיר איינגערוימט:

— הערט אויס, כ'וויל אייך זאָגען, אַז צום לייענען זענט איר פאַר מיר גאַנץ גוט, אָבער צום טאָן אַ שידוך, — טויגט איר נישט פאַר מיר, גוד באַי!

# מען רעדט מיר אַ שידוך אויף דער סעמעטערי . . .

כ׳וועל אייך זאָגען דעם אמת :

ס׳טוט מיר שוין באַלד באַנג די גאַנצע מעשה ; כ׳האָב מיך אַריינגעלאָזט אין שידוכים, און דערווייל האָב איך אינגאַנצען פאַרנאַכלעסיגט מיינע דזשאַבס.

אַ דזשאַב איז סוף כל סוף אַ פּאַרטיגע זאַך, אַ ברויט מיט אַ מעסער ; און אַ שידוך איז אַ זאַך אויף שפּעטער, — ס׳איז אַן איי אויף מאָרגען !

כ׳בין אין די ערב יום טוב-טעג געווען אויף אַ ניו יאָרקער בית עלמין, אָדער ווי מען רופט עס דאָ — סעמעטערי, האָב איך געזען בעשיינפּערליך, אַז כ׳האָב באַגראָבען אַ געשעפט. כ׳האָב געזען, אַז ווען מ׳רייבט זיך צווישען טויטע, קאָן מען יאָ מאַכען אַ לעבען !

כ׳האָב דאָרט געטראָפען אַ מענגע גרינע, וואָס לעבען פון מאַכען „מלא רחמימ׳ס". ס׳אַ גאָלדענע ביזנעס, און אַז מ׳טויג זיך, קאָן מען שאַרען גאָלד.

הלואי וואָלט איך גלייך פון דער שיף, אַוועק אויף דער סעמעטערי און נישט געזוכט צווישען די לעבעדיגע, וואָלט איך שוין היינט געווען שטיין-רייך.

כ׳האָב געזען איין „גרינעם", האָב איך אים נישט דערקענט. אַזוי-אַ גראָב איז ער געוואָרען. האָב איך אים געפרעגט פון וואַנען ס׳איז אים געקומען, האָט ער מיר געענטפערט : „פון יאָרצייטען !" ער מאַכט מלא רחמימ׳ס און מען שטופּט אים ס׳געלט. ער האָט קאָסטימערס, וואָס גיבען אים, אַ חוץ געלט, אויך — ציגאַרען.

פרעג איך אים : וויפיל איז דער פּרייז פאַר מאַכען אַ „מלא רחמים" ?

זאָגט ער : „ס׳ווענדט זיך לויט דער קאַר. אויב ס׳קומט אַרויסצופאָרען אויפ׳ן בית-עלמין אַ קאָסטימער אין אַ „פאָרד׳ל", רעכען איך אים ווייניגער ; אויב אין אַ „ביואיק", רעכן איך אים מער; אויב עס באַווייזט זיך אַ קליענט אין אַ „קאַדילאַק", — זינג איך אים אויף יענעם פּרייז !

— און אויב, — פרעג איך אים, — ס׳קומט אַ קליענט אָן אַ קאַר, לאָמיר זאָגען — מיט דער סאָבוועי ?

— מיט אַזאַ איינעם — זאָגט ער — פאַרנעמט זיך מיין געהילף ! כ׳האָב אַ ספּעציעלען געהילף פאַר פענטאַקעס !

און צווישען איין קאַסטימער און צווייטען, האָט ער מיר דערוויל דערציילט נאָך סודות פון געשעפט.

— קיין קאַפּיטאַלען — זאָגט ער — דאַרף מען נישט דערצו. מען לייגט גאָרנישט אריין און מען נעמט אַרויס; מיט קיין יוניאָנס האָט מען אויך נישט צו טאָן; און די אַרבייט איז אַ גרינגע, — מען אַרבייט זיך, חלילה, נישט איבער. מען גיט אַ מאַך אָפּ אַ „מלא רחמים" און מ'גייט ווייטער. טיילמאָל, אויב כ'האָב צווי קאַסטימערס מיט'ן זעלבען נאָמען, — מאַך איך צוויי מיטאַמאָל. ביי טייל קאַסטימערס האָב איך שוין באַשטעלונגען אויף איבעראַיאָר, זיי האָבען נישט קיין צייט זיך צו באַדערען, זיי זענען ביזי; גיבען זיי מיר אויף די דאַטעס, די נעמען, זיי צאָלען מיר איין אַ דעפּאָזיט אויף די מלא רחמים'ס, און דאָס איבע־ריגע דאַרף איך שוין אַליין „פּיקסען"!

ער האָט מיר דאָס אַלץ אָנדערציילט; און וואָס מער ער האָט מיר דער־ציילט, — אַלץ מער האָט ער מיר צערייצט דעם אַפּעטיט. ער האָט מיר אָנגעמאַכט אַזאַ חשק, אַז עס האָט זיך מיר שוין גאָרנישט געגלוסט אַהיימצוגיין פון גוטען אָרט. כ'האָב שוין געוואָלט דאָרט בלייבען און גלייך אַריינטרעטען אין די ביזנעס.

אָבער, ווי אַזוי קאָן איך בלייבען, אַז איך שטיי אין שידוכים?!

צוליב וואָס, מיינט איר, בין איך דען געגאַנגען אויף דער סעמעטערי? — צוליב אַ זעהעניץ!

דער שדכן מיינער האָט מיר גע'שדכנ'ט אַ נייעם שידוך. דאָס מאָל שוין נישט מיט קיין אַלמנה, נאָר מיט אַ גרושה. און די גרושה האָט אַ פּרינציפּ, אַז אַ זעהעניץ מאַכט זי נאָר אויפ'ן בית־עלמין. וואָס עפּעס אויפ'ן בית־עלמין? — זי האָט אַ חשבון דערביי. טאָמער ווערט נישט פון שידוך, ווייל זי נישט, אַז לעבעדיגע מענשען זאָלען זען, אַז זי לאָזט זיך שוין רעדען שידוכים. ס'פּאַסט איר נישט. זי איז פון אַן איידעלער היים, און ס'איז פאַר איר צו פרי שוין חתונה צו האָבען. זי איז ערשט פאַר די שלושים נאָכ'ן גט.

און כדי כ'זאָל זי געפינען, האָט דער שדכן מיר אויפגעגעבען סימנים: זי איז — זאָגט ער — אַ בלאָנדע, זי וועט זיצען אויף אַ באַנק, אין איין האַנט וועט זי האַלטען אַ בלום און אין דער צווייטער האַנט — אַ ביכעל.

כ'האָב נישט לאַנג געזוכט און כ'האָב גלייך געטראָפען צום שידוך. אַן איינזאַמע בלאָנד ווייבעל איז געזעסען אויף אַ באַנק און געהאַלטען אין איין האַנט אַ בלומעל. אין דער צווייטער האַנט האָט זי אָפּילו קיין ביכעל נישט

געהאַלטען, אָבער פונדעסטוועגען האָב איך גלייך פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז זי.

בין איך צוגעגאַנגען צו דער באַנק מיט אַ שמייכעל און געפרעגט, צי כ׳קאָן זיצען.

האָט זי צוריקגעשמייכעלט און געוויזען, אַז ס׳איז דאָ פּלאַץ.

האָב איך מיך אַוועקגעזעצט. זיצען מיר ביידע.

שוויג איך. שווייגט זי אויך. שווייגען מיר ביידע.

טראַכט איך מיר: פון שווייגען איז נאָך קיין חתונה נישט צושטאַנד געקומען, מ׳דאַרף אַרוים מיט לשון.

וואַרט איך נישט לאַנג און הויב אָן:

— איר האַלט אַ בלום?

— איר זעט דאָך, — זאָגט זי, — אַז איך האַלט אַ בלום!

— און וואָס איז מיט׳ן ביכעל? — פרעג איך.

— מיט וועלכען ביכעל? — ענטפער זי מיר צוריק מיט אַ פראַגע.

— נו, איר ווייסט דאָך שוין מיט וועלכען ביכעל!

האָב איך דאָך שוין געזען, אַז דאָס איז זי, זאָג איך:

— מאַ... זאָל זיין אָן אַ ביכעל!... צוליב אַ ביכעל איז נאָך קיין שום שידוך נישט קאַליע געוואָרען!

קוקט זי מיך אָן. קוק איך זי צוריק אָן. זי שווייגט. איך שווייג. שווייגען מיר ביידע.

לאָז איך נישט פאַרגליווערט ווערען ס׳געשפּרעך און איך הויב ווידער אָן:

— ... אָבער — זאָג איך — כ׳האָב אייך גלייך דערקענט!

— ווי אַזוי האָט איר מיך דערקענט?

— אַז מ׳האָט אַ גוט אויג, —זאָג איך, — דערקענט מען!

— וואו האָט איר מיך דען געזען?

— כ׳האָב אייך נאָך דערווייל אין ערגעץ נישט געזען, אָבער פון איצט אָן קאָנען מיר זיך אָנהויבען אָפטער זען!

— מיסטער, — גיט זי מיר אַ זאָג, — זייט מוחל, און זעצט אייך אויף אַן אַנדער באַנק!

האָט נישט קיין מורא — זאָג איך — פאַר דער משפּחה! כ׳זאָג אייך צו, אַז אויב ס׳וועט גאַרנישט ווערען דערפון, וועט קיינער דערפון נישט וויסען, נאָר איך און איר...

דאָ האָט ס'בלאָנדע ווייבעל מיך גענעבען אַ מעסט־אָן פון אויבען ביז אַראָפּ און מיך גענומען זידלען:

— טראָגט אייך אָפּ מיט גוטען, איידער מיין מאַן קומט אָן. איך וואָרען אייך, אַז איר וועט ליידען אַן עוולה!

ס'איז מיר פינסטער געוואָרען פאַר די אויגען און כ'האָב פאַרשטאַנען, אַז כ'האָב דאָ געמאַכט אַ ביטערען טעות. האָב איך מיך שנעל אויפגעהויבען און געגאַנגען ווייטער.

אָפּגעגאַנגען אַ צען מצבות, האָב איך געטראָפען זיצען אַן אַנדער בלאָנד ווייבעל און טאַקע מיט אַ בלום אין איין האַנט און מיט אַ ביכעל אין דער צווייטער האַנט, האָב איך מיך גלייך געכאַפּט, אַז דאָס איז עס, דאָס איז דער זיווג.

בין איך שוין צוגעגאַנגען מיט זיכערע טריט און זיך באַגריסט מיט אַ ברייטען העלאָו.

— גייט געזונטערהייט — זאָגט זי — כ'וויל אייך נישט קענען! כ'האָב אייך די גאַנצע צייט געזען זיצען מיט יענער. אַז מען קומט אויף אַ סעמעטערי זיך זען מיט איין ווייבעל, שדכנ'ט מען זיך נישט צו קיין אַנדערער, גייט געזונטערהייט, איר זענט נישט פאַר מיר!

און נישט איך בין געגאַנגען, נאָר זי איז געגאַנגען און האָט מיך איבערגעלאָזט ווי אַ גולם.

דערוויל, צוריקגייענדיג, האָב איך מיר אויסגעשלאָגען די הוצאות; כ'האָב געמאַכט אַן אַלמנה אַ „מלא רחמים" און כ'האָב פאַרדינט אַ מטבע. אָבער ס'גייט מיר נישט אַזוי ווייט אין געלט, ווי ס'גייט דאָ אין תכלית; דאַכט זיך, אַז עס פּיקט זיך מיר אַ שידוך, און — טאַקע מיט דער זעלבער אלמנה!...

האָט מיר אַ גוטען!

# אין פּאַבליק לייבּרערי

כ׳וויל איר זאָלט וויסן, אַז פונ׳ם שידוך מיט דער אלמנה, וועלכער כ׳האָב געמאַכט אַ „מלא רחמים" אויפ׳ן בית עלמין — האָט זיך אויסגעלאָזט אַ בוידעם. כ׳בין געוואויר געוואָרען, אַז זי שטייט שוין אין שידוכים, און מיט בעסערע פּאַרדינערס פון מיר.

מילא, ניין — איז ניין. ס׳איז נישט, חלילה, קיין לאָך אין הימעל. אין אַזאַ שטאָט ווי ניו יאָרק, וואו די טרעפיק איז אַזוי גרויס, פעלען נישט קיין אלמנות. און אויב נישט פון ניו יאָרק, איז פון דער פּראָווינץ. כאָטש איך האָב מיר איינגערעדט אַ שמע קולנו, אַז אויב שוין יאָ אַן אַלמנה, איז נישט פון דער פּראָווינץ, נאָר — פון אַ גרויסער שטאָט. אַ גרויס-שטאָטישע אלמנה האָט מער חן. און וואָס גרעסער דער טומעל אין דער גרויסער שטאָט, אַלץ שנעלער פאַרגעסט זי אָן ערשטען מאַן.

זעט איר, אַ גרושה — האַלט איך — איז דוקא בעסער צו נעמען פון דער פּראָווינץ. ווער שמועסט נאָך, אַז מען פאַלט אַריין צו אַ גרושה פון האָליוואוד — איז מען אַ געמאַכטער מענש. האָליוואוד, — האָב איך געהערט, — איז אַ ספּעציעל שטעטעל פון גרושות. וואו מ׳גיט זיך דאָרט אַ דריי, האָט מען אַ גרושה. לויט דער סטאַטיסטיק איז דאָרט יעדע דריטע פרוי שוין אַ גרושה, און יעדע פערטע פרוי האַלט ביי ווערען אַ גרושה. פון וואַנען דאָס נעמט זיך, ווייס איך נישט. אפשר איז דאָ אַ פּאַראַגראַף אין די תנאים, אַז באַלד נאָך דער חתונה, מוז מען זיך גט׳ן. מען שמועסט יאָקבי, אַז אַפילו די דאָרטיגע אלמנות זענען אויך פון גרושה׳דיגער אָפּשטאַמונג.

די מעשה איז אָבער די, וואָס האָליוואוד איז נישט פאַר מיינע כוחות. די דאָרטיגע גרושות זוכען, מינדעסטענס, אַ סטאַר, און איך בין נאָך אַלץ נישט קיין סטאַר, סיידען — אַ סטאַר פון באָקומען דזשאַבּס.

לאָמיך-זשע בעסער איבערלאָזען האָליוואוד פאַר מעטראָ גאָלדווין מאַיער, און איך וועל מיר זוכען מיין זיווג דורך אַ שדכן.

ס׳הייסט, אייגענטליך, האָב איך נישט קיין שדכן, נאָר אַ שדכנ׳טע. זעהר אַ פיפיגע פרוי . מיט איר, מיט דער שדכנ׳טע, האָב איך יאָ געטראָפען. און

ווען זי האָט נישט אַ מאַן מיט פיר קינדער מיט צוויי אייניקלעך — וואָלט איך מיט איר חתונה געהאַט. זעהר אַ געראָטענע. ביי איר אויסצופירען אַ שידוך איז אַ שפּילעכל. נאָר איין זאַך — זי האָט נישט קיין מזל. ווען עס האָלט שוין אָט־אָט ביים אויספירען אַ שידוך, ווערט דערפון גאָרנישט. אַפילו מיט מיינע שידוכים גייט איר אויך שווערליך. ווייס איך נישט, צי ס׳איז איר מזל, צי ס׳איז מיין מזל.

אַנומעלט האָט זי מיר גערעדט אַ שידוך מיט אַ יתומה פון אַ יאָר עטליכע פערציג.

ווען כ׳האָב זיך געטראָפען מיט איר, האָט זיך אַרויסגעוויזען, אַז זי איז נישט קיין פשוט׳ע יתומה, נאָר אַ קיילעכדיגע יתומה. זי איז אַ נידעריגע, וועגט אַ צוויי הונדערט און דרייסיג פונט און האָט אַ קיילעכדיגע פיגור.

וואָלט מיך אפשר די וואָג נישט געאַרט. ביי מיינע פאַרדינסטען האָב איך האָפנונגען אַז זי זאָל פאַרלירען וואָג און אַפילו נישט דאַרפען גיין אויף אַ „דאַיעט”.

אָבער ווען מ׳האָט זיך צערעדט האָט זיך אַרויסגעוויזען, אַז זי האָט אַן אויסשטייער, אָבער קיין אַפּאַרטמענט האָט זי נישט. זי וואוינט ביי אַ ווייטער קאַזינע. און זי האַלט, — האָט זי מיר געגעבען צו פאַרשטיין, — אַז איר באַשערטער דאַרף זאָרגען וועגען אַן אַפּאַרטמענט.

אַז כ׳האָב דאָס דערהערט, האָב איך איר געזאָגט דעם ריינעם אמת: „איך וואוין אויך ביי אַ ווייטען קאָזין!”

— און וואו וואוינט — פרעגט זיך מיך — אייער ווייטער קאָזין?

— מיין ווייטער קאָזין — זאָג איך — זוכט ערשט איצט אַ דירה!

פאַרשטייט זיך, אַז אַזעלכע צוויי גבירים קאָנען זיך נישט משדך זיין.

יעדענפאַלס — פאַר מיר איז עס נישט קיין געפּאַסטער שידוך. אַן אַ דזשאָב, אַן אַ וואוינונג, און עסען מוז מען דאָך איר געבען נאָך דער חתונה—זי איז אַ יתומה!

האָט מיר מיין שדכנ׳טע געשדכנ׳ט אַן אַנדער שידוך — אין דער גרויסער ביבליאָטעק, אין דער פּאַבליק לייבּרערי.

צוערשט האָב איך מיך דערפרייט. כ׳האָב געמיינט, אַז די גאַנצע פּאַבליק לייבּרערי געהערט צו דער כלה׳ס צד. גיי איך, הייסט עס, אַריין אין אַ פּאַרטיגער ביזנעס. אַ ברויט מיט אַ מעסער. אַ שמאַלץ-גרוב.

כ'האָב שוין אַפילו געמאַכט דעם חשבון אויך. כ'ווייס נישט גענוי וויפיל ביכער עס זענען דאָ אין דער פּאַבליק לייברערי. אָבער ווי גאָרנישט, שמעקט עס מיט אַ פינף־און־צוואַנציג טויזענט ביכער. און ווי ביכער זאָלען נישט ליגען הײנט אין דר'ערד, מעג מען אַלץ רעכענען דורכשניטליך אַ דאָלער אַ ביכעל. הייסט עס, אַז פון בלויז ביכער קאָנען מיר מאַכען אַ פינף־און־צוואַנציג טויזענט דאָלער. און וואו איז די איינריכטונג? און וואו איז די מעבעל? און ס'הויז — כ'ווייס נישט, כ'האָב עס נאָך נישט געזען — אָבער עפּעס איז עס דאָך ווערט, אַפילו עס זאָל זיין דערויף אַ מאָרטגעדזש?!

אָבער ווי האָט מען געפלעגט זאָגען ביי אונז אינדערהיים? — דער חשבון איז צדק, נאָר די קעשענע איז געשעדיגט"

ווייזט זיך גאָר אַרויס, אַז דער גאַנצער חשבון מיינער איז געמאַכט געוואָרען אָן באַלעבאָס. די לייברערי געהערט דערווייל צו קהל, צו דער שטאָט, און זי, די באַשערטע מיינע, וואָס די שדכנ'טע רעדט מיר, האָט בלויז געוואָלט מאַכען מיט מיר אַ זעעכץ אין דער לייברערי.

מילא, טראַכט איך זיך, וואָס האָב איך דאָ צו פאַרלירען. קודם לאָמיך אָנקוקען די ביבליאָטעק, און ביי דער געלעגענהייט וועל איך שוין אויך אָנקוקען דעם שידוך. איינס פון די ביידע וועט מיר זיכער געפעלען: אויב נישט דער שידוך, איז — די ביבליאָטעק. מען זאָגט, אַז ס'איז אַ שיינע געביידע.

האָט מיר די שדכנ'טע אָנגע'משל'ט וואו די געביידע געפינט זיך, און זי האָט מיר אָנגעזאָגט, אַז ווען כ'וועל צוקומען צו דער געביידע, זאָל איך גיין גלייך און כ'זאָל נישט אַריינפאַלען אין פרעמדע הענט; כ'זאָל, למען השם, נישט מאַכען דעם זעלבען טעות, ווי כ'האָב געמאַכט אויפ'ן בית־עלמין — כ'זאָל נישט פאַרטוישען דעם שידוך. און באַלד ווער איך אויך געוואויר, אַז כ'בין נישט קיין יחיד. עס קומען דאָרט פאַר אַ סך „זעעכצען".

צום סוף האָט זי מיר נאָך אָנגעזאָגט, אַז כ'זאָל גיין אין דער כינעזישער אָפּטיילונג, דאָרט וואו עס געפינען זיך ביכער וועגען כינעזישער ליטעראַטור, כינעזישע קונסט און כינעזישע היסטאָריע.

איז מיר די גאַנצע מעשה געוועזען נישט צום האַרצען.

ערשטענס, אויב די ביבליאָטעק איז נישט קיין אייגענע — דאַרף איך נישט קיין זעעכץ אין קיין ביבליאָטעק.

און צווייטענס, אויב שוין יאָ אַ ביבליאָטעק — צו וואָס־זשע ווידער זיך

שלעפּן אין דער כינעזישער אָפּטיילונג? — נישט איך קען זיך דערויף און נישט ס'איז מיין סביבה!

נאָר — גאָרנישט, כ'גיי.

אַז עס וועט גאָרנישט זיין פון שידוך, בין איך זיכער. איין בקשה האָב איך בלויז: כ'זאָל נאָר נישט טרעפן דאָרט מיין כינעזישען לאָנדרי־מאַן — כ'בין אים נאָך שולדיג דעם לעצטען „ביל".

ווינשט מיר הצלחה, גוד באַי!

## איך הויב מיך אָן אויסצוגרינגען!

הלמאי זאָל איך אייך אָפּנאַרען? — עפּעס איז מיט די שידוכים מיינע אויך ניט גלאַטיג!

כ׳וויל עס נישט ברייגגען פאַר׳ן מויל, אָבער דאַכט זיך, אַז מיין שלים׳מזל פון די דזשאָבס שלעפּט זיך מיר אויך נאָך ביי די שידוכים.

צוערשט האָב איך געמיינט, אַז מ׳וועט מיך אויפכאַפּען, מ׳וועט זיך רייסען איבער מיר. אָבער אַרויסגעוויזען האָט זיך, אַז ווען ס׳קומט צו תכלית, זאָגט מען מיר: פּאַוואָליע, — אַ דזשאָב!

אַ מאָדנע לאַנד — אַמעריקע, אַפילו צו אַזאַ קליינינקייט, ווי אַ שידוך, — מוז מען אויך האָבען אַ דזשאָב!

מיינער אַ חבר, אַ גרינער, האָט באַקומען נאָר א י י ן דזשאָב, — האָט ער שוין ד ר י י מאָל חתונה-געהאַט. מזל דאַרף מען האָבען, דאַטסאָל!

און צו דעם אַלעם, בין איך נאָך אַ גרויסער איבערקלייבער אויך. טיילמאָל קוק איך נישט אַזוי וויט אויף דער כלה, ווי איך קוק אויפ׳ן מחותן.

אַז אַ מחותן קאָן מיר געבען אַ זאָג: „גיי געזונטערהייט, דו ביזט נישט פאַר מיר קיין איידעם!״ — וועל איך מיך שוין מיט אַזאַ מחותן נישט משדך זיין; ער געפעלט מיר נישט; בפרט נאָך, אַז די כלה געפעלט מיר אויך נישט!

אַ צווייטער מחותן האָט מיר געמאַכט דעם חשבון אויף דער האַנט: „דו ביזט נישט פאַר מיין טאָכטער! אויב דו קאָנסט אין ערגעץ נישט קריגען קיין דזשאָב אויף איין סעזאָן אַפילו, ווילסטו ביי מיין טאָכטער אַ דזשאָב אויפ׳ן גאַנצען לעבען?!״

זעט איר, אַ דריטען מחותן בין איך דווקא יאָ געפעלען געוואָרען. „ווען איך האָב טעכטער״, זאָגט ער צו מיר, „וואָלט איך דיך גענומען פאַר אַן איידעם, ווי דו שטייסט און גייסט!״

זעט איר דאָך שוין מיינע גליקען!

פונ׳ם שידוך אין פּאַבליק לייברערי איז גאָרנישט געוואָרען. זי איז נישט געקומען צום זעעניך. און אַז כ׳האָב זי נישט געזען, ווייס איך דאָך נישט, צי זי געפעלט מיר יאָ, אָדער זי געפעלט מיר נישט. מסתמא — נישט!

כ׳בין געזעסען אין דער לייבערערי און געוואַרט אויף מיין זיווג, האָב איך מיך דערזוייל צוגעקוקט צו די אַנדערע מיידלעך און ווייבלעך, וואָס מאַכען דאָרט זעעכצער. ס׳איז נישט פאַר מיר. זיי האָבען אין זינען טאָלסטאָי׳ען מיט דאָסטאָיעווסקי׳ן מיט היינע׳ן מיט שלום אַש׳ען. אַזעלכע ווייבלעך זענען איין שטיק — בוך. נאָך דער חתונה איז ביי זיי דער גאַנצער מאַן אַ כפרה פאַר איין אַקט פון שעקספיר׳ן. און אַז איך וועל אַהיימקומען הונגעריג אויף סאַפּער, וועט זי זיצען איבער׳ן ביכעל און וועט מיר זאָגען: „שוין, איין מינוט, נאָך 35 זייטלעך, פאַרענדיג איך ס׳קאַפּיטעל!"

און אַז זי פאַרענדיגט שוין ס׳קאַפּיטעל, איז שוין דער סטעיק פאַרברענט, די זופּ פאַרזאַלצען און דער אַפּעטיט — פאַרגאַנגען.

כאָטש צוריקגעשמועסט, פון וואַנען איך וועל נעמען, נאָך דער חתונה, אויף סטעיק און אויף זופּ, ווייסט איין גאָט אין הימעל!

אויב איך זאָל דאַרפען זיין דער פרנסה-געבער, האָב איך נישט קיין מורא צו האָבען, אַז דער סטעיק וועט פאַרברענט ווערען... כ׳ווייס, ביים איצטיגען פלייש-יקרות, איז מיר שוין איינגעפאַלען צו זוכען מיר אַ ווייב, נאָר — אַ וועגעטאַריאַנערין. אויף גראָז און וועדזשעטעיבעלס וועל איך, ווי עס איז, אפשר קאָנען צונויפקלאַפּען פרנסה.

איר ווייסט דאָך, די צרה ביי מיר איז, נישט בלויז דאָס, וואָס כ׳האָב נישט קיין דזשאָב, נאָר — וואָס איך האָב אויך נישט קיין פּראָפעסיע!

איין ווייבעל האָט מיך געפרעגט: „וואָס איז אייער פּראָפעסיע?" — האָב איך אָנגעהויבען צו שטאַמלען.

האָט זי געזען, אַז איך שטאַמעל, האָט זי מיר געזאָגט: „איר מוזט גיין צו אַ דאָקטאָר, אַ ספּעשעליסט!"

ווען אַ צווייט ווייבעל האָט מיך געפרעגט וועגען דער פּראָפעסיע, האָב איך שוין געענטפערט שנעל ווי אַ מזמור:

„כ׳בין געוועזן אַ זינגער, נאָר כ׳האָב פאַרלוירען די שטימע!"

פרעגט זי מיך: „וואו האָט איר געזונגען?"

זאָג איך: „אין רעקאָרדס!"

לאָזט זי נישט אָפּ און פרעגט ווייטער: „וואו איז אייער רעקאָרד?"

פאַרליר איך מיך נישט און ענטפער ווייטער: „וועגען דעם, זייט רואיג, — כ׳האָב אַ ריינעם רעקאָרד!"...

ווי איר זעט, בין איך שוין נישט דער זעלבער גרינער ווי אין אָנהויב. כ'בין שוין אַ קאַפּיטשקע אויסגעגרינט. כ'האָב געכאַפּט דעם שניט. ווען איך האָב באַלד אין אָנהויב דעם איצטיגען שניט, — וואָלט איך שוין געהאַט בעסער אָפּגעשניטען!

איצט קאָן איך דאָך שוין אַריינקומען אין אַ הויז, אַפּזיצען אַ שיינע צייט און מ'זאָל נישט דערשנאַפּען, אַז כ'בין אַ גרינער.

איר וועט מיר גלויבען, אַז איך האַלט שוין אַפילו אין סאָבוועי מיינע פיס אויף אַ צווייטענס באַנק?! און ענגליש רעד איך שוין אויך; פאַרשטייט זיך, אַז פּערפעקט ענגליש, קען איך נאָך נישט. אָבער אַזוי פיל ענגליש, וויפיל מ'דאַרף צום אַריינמישען אינ'ם אידיש-רעדען, — קאָן איך שוין יאָ. בלויז ווען ס'קומט צו בעיסבאָל כאַפּט מען מיך ביי דער האַנט, אַז כ'בין אַ גרינער. די דאָזיגע תורה קאָן איך נאָך אַלץ נישט צעקייען. כ'ווייס נישט, ווען ס'איז געוואונען און ווען ס'איז פאַרשפּילט. און כ'קאָן נאָך אַלץ נישט דערקענען דעם אונטערשיד צווישען די יענקי'ס און דאָדזשערס. כ'זע, אַזביידע קאָנען דערלאַנגען. איז מיר טאַקע איין שידוך קאַליע געוואָרען צוליב די יענקים, און צוויי שידוכים צוליב די דאָדזשערס. ווען כ'בין איינמאָל געזעסען ביים טעלעוויזשאָן און געקוקט אויף אַ געים, האָט די מחותנת'טע גלייך דערקענט, אַז כ'בין אַן עם-הארץ אין ספּאָרט, און די כלה איז געוואָרען רויט, צוליב דעם, וואָס איך בין „גרין".

איז געוואָרען אוים כלה, — צוריק מויד.

ס'וואָלט אפשר סאַי-ווי נישט געוואָרען פון שידוך, ווייל מ'האָט מיך דאָרט ביים טעלעוויזשאָן גענומען אויפ'ן קרייץ-פאַרהער: צי איך נעם מיך אונטער צו פירען אַ ברייט הויז נאָך דער חתונה? צי כ'קאָן זיין אַזאַ פאַרדינער ווי מילטאָן בוירל? און צי איך בין אויך ביכולת צו פאַרדינען אַ צוואַנציג-דרייסיג טויזענט דאָלאַר, ווי אַ באָב האָופּ, פאַר צען מינוט אַרבייט?

געהערט אַזעלכע קלאָץ-קשיות, האָב איך מיך אויפגעהויבען און געזאָגט: „פאַרדרייט אייך אייער טעלעוויזשאָן!" און כ'בין אַוועק.

אָבער פון אַזויפיל שידוכים וועט זיך דאָך עפּעס מוזען אויספּיקען. כ'וועל נישט זאָגען קיין סך, אָבער איין שידוך וועט זיך זיכער מאַכען!

אודאי האָב איך אָנגעהויבען אַביסעלע צו-שפּעט. ווען איך הויב אָן פריער, וואָלט איך שוין אפשר היינט געהאַט פאַרגעסען, אַז כ'האָב חתונה געהאַט, און כ'וואָלט שוין אפשר איצט צוריק געווען אַ בחור?

דערווייל האָב איך פאַרנאַכלעסיגט אַלע מיינע דזשאָבס. אַנשטאָט צו גיין אָנקוקען אַ באָס, גיי איך בעסער אָנקוקען אַ כלה.

דערווייל האָב איך געננוג שידוכים, און אַז איר וועט אָנקוקען מיין נאָטיץ־ביכעלע מיט זעעכצען, וועט אייך שווינדלען פאַר די אויגען. כ׳האָב, אַן עין הרע, אַזוי פיל שידוכים, אַז עס קאָן קלעקען אויף גאַנצע דורות. בלויז אלמנות האָב איך זעקס זייטלעך; און די גרושות און די מיידלעך האָבען זיך אויך נישט גע׳שמד׳ט.

כ׳האָב היינט געהאַט אַ זעעכץ מיט אַן אַלמנה.

ווייזט אויס, אַז כ׳בין איר געפעלען געוואָרען, ווייל זי האָט מיך כסדר געפרעגט וועגען תכלית־זאַכען.

קודם כל האָט זי געוואָלט וויסען, צי כ׳קאָן קאָכען?

האָב איך איר געענטפערט: „זאָל נאָר זיין וואָס צו קאָכען, וועט מען זיך שוין אַן עצה־געבען!”

דערנאָך האָט זי מיך געפרעגט, צי כ׳קאָן מיך אומגיין מיט קינדער.

האָב איך איר געענטפערט: „זאָלען נאָר זיין קינדער, וועט מען זיך שוין אַן עצה געבען!”

צום סוף האָט זי מיך געפרעגט, צי כ׳האָב פרנסה?

האָב איך איר ווידער געזאָגט:

„זאָל נאָר זיין אַ דזשאָב, וועט מען זיך אַן עצה־געבען מיט פרנסה אויך!”

דערנאָך האָט זי מיך געפרעגט, צי כ׳קאָן דראַיווען?

האָב איך איר געענטפערט, אַז איך דאַרף נישט קאָנען דראַיווען, ווייל איך פאָר נאָר מיט דער סאָבוועי און דאָרט האָב איך שוין מיינעם אַ דראַיווער.

נו, כ׳דאַרף דאָך אייך נישט דערציילען, אַז פונ׳ם שידוך איז שוין גאָרנישט געוואָרען. די אלמנה זוכט נישט קיין שידוך, נאָר — אַ קאַר!

אַן אַנדער זעעכץ האָב איך געהאַט אין סענטראַל פּאַרק. כ׳האָב דאָך גאָר־נישט געוואוסט, אַז דאָרט איז די גלאַוונע בערזע פון שידוכים. ווער עס האָט אַ האַנט און אַ פוס, לאָזט זיך דאָרט רעדען שידוכים. ווען ביימער וואָלטען געקאָנט דערציילען, וואָלטען די ביימער פון סענטראַל פּאַרק געווען די גרעסטע דערציילערס. כ׳האָב געהערט, אַז ס׳איז דאָרט דאָ איין בוים אויף וועלכען ס׳איז אויסגעקריצט אַ הערצעלע מיט אַ צושריפט פון אונטען: „ראָזע, כ׳וועל דיך קיינמאָל נישט פאַרגעסען. דיין ווילי”. אין עטליכע טעג שפּעטער איז דער

זעלבער ווילי געווען אַנאַנסירט אין דער גאַלעריע פון די פאַרשוואונדענע מענער, — ראַזע האָט אים אַרומגעזוכט ווי מיט ליכט.

אָבער דאָס אַלץ גייט מיך נישט אָן. ס'איז נישט מיינע ביזנעס.

מיין זעעכץ אין סענטראַל פּאַרק איז געווען מיט אַ גרושה. ווי אַזוי קומט די גרושה צו מיר? — דורך אַ שדכן.

זיץ איך אויף אַ באַנק און וואַרט ביז די גרושה וועט אָנקומען. איז אַנשטאָט זי זאָל קומען אַליין, ווי מ'איז זיך נוהג ביי אַ שידוך, קומט זי גאַר מיט אַ הונט. אַלץ הייסט אַ הונט? — אַ הונט ווי אַ וואָלף. ער איז געווען טאָפּעלט גרויס ווי די גרושה. אַ פּאָר אויגען פון אַ מערדער. און אַ פּיסק? — בעסער מען רעדט נישט!

האָב איך טאַקע נישט גערעדט. ווען כ'האָב אים בלויז אָנגעקוקט, האָב איך פאַרלוירען ס'לשון.

זוך איך מיר איצט שוין אַליין די שידוכים.

קענטשאַפט האָב איך געגוג. פאַרקערט, הלואי וואָלט מען מיך נישט אַזוי פיל געקענט, — וואָלט איך שוין אפשר פון לאַנג געהאַט געטאָן אַ שידוך...

אויף מיין בלאָק איז דאָ אַן אלמנה מיט אַ קענדי־סטאָר. קום איך דאָרט אָפּט אריין. כ'קום אריין כאַפּען אַ טרונק און אין איינוועגס — אויך כאַפּען אַ בליק, צי די ביזנעס טראָגט. טאָמער ווערט דערפון אַ שידוך, לאָמיך נישט זיין קיין פרעמדער אין די ביזנעס. קאָסט מיך דערוויי'ל יעדע זעעכץ אַ שיינע פּאָר סענט. בלויז פון טרינקען קאָקאַ־קאָלא, האָט זי שוין פון מיר אָנגעזאַמעלט, — לויט מיין חשבון, — אַ האַלבען נדן.

האָב איך מיר געטראַכט: טאָמער ווערט עפּעס פון שידוך, וועל איך מיר ישוין דעם נדן צוריק אָפּנעמען.

ווייזט זיך אָבער ארויס, אַז כ'האָב געמאַכט דעם חשבון אָנ'ם באַלעבאָס. פון מיין זייט, ס'הייסט, פון חתנ'ס צד, איז טאַקע אַלץ אין אָרדנונג; אָבער פון קאָקאַ־קאָלאַ'ס צד, איז גאָרנישט גלאַטיג.

ווען כ'בין אַנומעלט אַריינגעקומען אין קענדי סטאָר און געוואָלט רעדען מיט דער אלמנה וועגען תכלית, — האָב איך געטראָפען די ביזנעס אונטער אַ נייער מענעדזשמענט, — אַ פּאַרטאַ ריקער האָט אָפּגעקויפט ס'געוועלב. נו, גיי רעד מיט אים וועגען אַ שידוך!

פון איצט אָן מייד איך אויס אלמנות מיט קענדי סטאָרס.

האָט זיך גע'שדכנ'ט צו מיר אַן אַנדער אלמנה.

די ערשטע פראַגע מיינע איז געווען, צי זי האָט אַ קענדי סטאָר?

האָט זי מיר געענטפערט, אַז — ניין; און זי האָט מיך געפרעגט, צי איך האָב אַ קענדי־סטאָר, ווייל זי וויל טאָן אַ שידוך מיט אַ מאַן, וואָס האָט אַ קענדי סטאָר.

האָב איך איר געזאָגט, אַז קיין קענדי סטאָר האָב איך נישט, אָבער — „עקספּיריענס", האָב איך.

פרעגט זי: „פון וואַנען?"

זאָג איך: „פון אַ פריערדיגען שידוך!"

פרעגט זי: „וואָס איז געוואָרען?"

זאָג איך: „ס'איז גאָרנישט געוואָרען!"

פרעגט זי: „פאַרוואָס?"

זאָג איך: „ווייל אַ פאַרטאָריקאַנער האָט זיך אַריינגעמישט!"

דערהערט אַזעלכע ווערטער, גיט זי מיך שוין אַ פרעג: „איר האַלט פון געמישטע חתונות?"

בין איך געבליבען אַ געפּלעפטער, און כ'האָב איר אַ זאָג־געטאָן: „ביי אונז אין דער פאַמיליע זענען נישט געווען קיין געמישטע חתונות! מ'האָט אַפילו נישט געמישט קיין מילכיג געפעס מיט קיין פליישיג געפעס, ווען מען גיין מישען חתונות?! איבריגענס, איר דאַרפט אייך נישט מישען אין אַזעלכע זאַכען!"

האָט עס איר פאַרדראָסען און זי האָט איבערגעריסען ס'זעעכץ.

האָבען מיר באַקאַנטע נאַראַיעט אַן אַנדער שידוך, — אַ ווייבעל מיט צוויי קינדער. און אַז כ'האָב מיך אָנגעהויבען אויסצופרעגען, האָט זיך אַרויסגעוויזען, אַז ס'ווייבעל איז נישט קיין אַלמנה און נישט קיין גרושה, נאָר — אַן עגונה. דער מאַן איז פון איר אַוועק מיט דריי יאָר צוריק; זי ווייסט נאָך נישט גענוי, וואָס ס'איז געשען, אָבער זי האָט דעם איינדרוק, אַז ער איז פון איר אַנטלאָפען. ערשט אין אַ יאָר אַרום — זאָגט זי — זאָל איך קומען זיך דערוויסען, וואָס ס'איז געוואָרען; און ביז די פיר יאָר וועלען זיך ענדיגען, וועט זי שוין פּאָזיטיוו וויסען, וואָס עס איז געוואָרען; אָדער אַהין, אָדער — אַהער.

האָט מיך שוין די מעשה פאַראינטערעסירט. וואָס עפּעס פּונקט צו די פיר יאָר?

האָט זי מיר געענטפערט, אַז עס איז אַ סיבה דערביי. איר ערשטער מאַן איז פון איר אויך אַנטלאָפען, און פּונקט צו די פיר יאָר, האָט ער איר צוגעשיקט

א גט. און אזוי ווי אלע מענער זענען גלייך, וועט מסתמא דער צווייטער אויך זיין א לייטישער מענש.

זעט איר דאך שוין, אז פון דעם שידוך איז אויך נישט געווארען.

האט מען מיך ווידער צוגערעדט, אז כ׳זאל טאן א שידוך מיט א ווייבעל אין א „האום".

האב איך מיך געפרעגט, מיט וואס די כלה באשעפטיגט זיך אין „האום"? צי איז זי דארט אויפזעערין, פארוואלטערין אדער עפעס אן אנדער דזשאב?

ווער איך געוואויר, אז זי איז נישט דארט קיין אויפזעערין, נישט קיין פאר-וואלטערין און קיין שום דזשאב האט זי נישט, נאר זי איז דארט אן איינ-וואוינערין. די קינדער האבען זי ארייגגעזעצט. זי איז שוין טאקע אין האום ס׳צווייטע יאר, אבער אויב ס׳זאל זיך מאכען עפעס א שידוך, מיט א לייטישען מאן, א בעל־פרנסה, — קאן מען זי ארויסנעמען פון דארט.

טא וואס וועל איך גיין ארויסנעמען א פרוי פון א „האום", אז איך אליין בין „האום־לאז".

איז ווידער גארנישט געווארען!

דריי איך מיך ווידער ארום פריילייידיג און כ׳ווייס נישט וואס צו טאן: צי זאל איך ווייטער זוכען שידוכים? אדער — אויפהערען זוכען שידוכים און ווידער אנהויבען זוכען דזשאבס?

כ׳ווייס באמת נישט, וואס איז בעסער: זוכען א דזשאב און נישט געפי-נען? אדער — זוכען א שידוך און נישט געפינען?

דערווייל איז נישט פויגעלדיג!

## אַ שידוך אין די „הויכע פענסטער"

מיט מיינע שידוכים גיי איך וואָס אַמאָל העכער.

מאָלט אייך, אַז כ'האָב שוין געהאַט אַ זעעכץ אויפ'ן סאַמע שפּיץ פון דער עמפּאַיר סטייט בילדינג.

כ'בין אַרויפגעקראָכען מיט אַן אַלמנה אויפ'ן 102טען שטאָק. ס'הייסט, נישט איך בין געקראָכען מיט איר, נאָר — זי איז געקראָכען מיט מיר. איך אַליין, וואָלט נישט ריזיקירט. זי האָט מיך פּשוט מיט כח אַריינגעשלעפּט אין עלעוועיטאָר. איידער מיר האָבען זיך אומגעקוקט, זיינען מיר שוין געווען אויפ'ן 86טען שטאָק, און געמאַכט אַ „סטאָפּ".

דערזען די שטרעקע, וואָס כ'האָב דורכגעמאַכט, האָב איך מיך צוגע־בויגען צום שידוך און איינגערוימט אין אויער: „מאַדאַמעשי, כ'האָב עס גענוג! איך פאָר נישט ווייטער!"

נעמט זי און רוימט מיר צוריק איין אין אויער „פאָרט און רעדט נישט קיין נאַרישקייטען!"

זאָג איך: „נאָך קיין 86 שטאָק וועל איך נישט אויסהאַלטען!"

זאָגט זי: „ס'גייט נישט מער ווי ביז — 102!"

זאָג איך: „וואָס דאַרפט איר די הונדערט און צוויי? איר קלערט, אַז איר וועט מיר אויפ'ן 102טען שטאָק מער געפעלען, ווי אויפ'ן 86טען?"

דערווייל האָט דער עלעוועיטאָר־מאַן געגעבען אַ קוועטש, און — מע'־זעמער פאַרפאָרען ביז אין דער הויך, צום סאַמע בוידעם אַרויף.

און אַז מיר זיינען שוין געווען אין דער הויך, — האָט מיר גענומען קלאַ־פּען ס'האַרץ.

ס'ערשטע מאָל ווי ס'האָט מיר געקלאַפּט ס'האַרץ ביי אַ שידוך.

גיט זי מיך אַ פרעג, צי איך ציטער.

זאָג איך: „כ'וועל מיך גאָרנישט שעמען פאַר אייך, — איך ציטער טאַקע!"

זאָגט זי: „איר דאַרפט זיך גאָרנישט שעמען; נישט נאָר איר ציטערט, נאָר איך ציטער אויך. אַלע ציטערען דאָ. איר ווייסט דען נישט, אַז ביי אַ

ווינט, ציטערט די גאַנצע עמפּאַיר סטייט בילדינג! מיר ציטערען איצט צו־זאַמען מיט דער געביידע!"

מער האָט מיר נישט געפעלט, און — ס'האָט מיר גענומען שווינדלען פאַר די אויגען.

גיט זי מיך אַ פרעג, ווי זי געפעלט מיר?

זאָג איך, קלאַפּענדיג אַ צאָן־אָן־אַ־צאָן:

— פּ... פּונקט דאַמאָלס ווען איך חלש, ווילט איר, זאָל איך אייך מאַכען קאָמפּלימענטען?!

פרעגט זי מיך איבער:

— וואָס, איר חלש'ט?

— אודאי, — זאָג איך, — חלש איך! איך חלש אַראָפּצוגיין אונטען. כ'וויל נישט זיין אַזוי נאָענט צום הימעל.

זאָגט זי:

— וואָס נענטער מיר זיינען צום הימעל, אַלץ זיכערער זיינען מיר אַ זיווג מן השמים! זיצט, לאָמיר זיך אָפּרוען און ס'וועט אייך באַלד אריבער דער קאָפּ־שווינדעל.

האָבען מיר זיך אוועקגעזעצט און גענומען רעדען וועגען תכלית.

— אַ מאַן, — זאָגט זי, — וואָס האַלט ביי חתונה־האָבען, טאָר נישט זיין אַזוי שרעקעוודיג. ביי מיין ערשטען מאַן, עליו השלום, זיינען די הונדערט און צוויי פלאָר געווען אַ שפּילעכעל!

אָט, אין אַזאַ טאָן האָבען מיר געפירט אונזער שידוך־געשפּרעך. זי האָט געקוקט אויבען אַרויף, צום הימעל; און איך האָב געקוקט אונטען־אַראָפּ, צו דער ערד.

— אַי, — זאָגט זי, — כ'וואָלט אוועקגעגעבען כ'ווייס נישט וואָס, ווען מיר ביידע קאָנען איצט גיין העכער!

— און איך, — זאָג איך, — וואָלט אוועקגעגעבען כ'ווייס נישט וואָס, ווען מיר קאָנען איצט אַראָפּגיין נידעריגער. אַי, וואָלט איך שוין געוואָלט זיין צוריק אונטען!

— ווייל איר זענט נישט ראָמאַנטיש! קוקט אַראָפּ, וועט איר זען ווי שיין די וועלט איז! ס'איז 1,250 פיס!

— איך קאָן נישט זען, — זאָג איך, — אַזוי פיל פיס. איך האָב נישט די ברילען מיט זיך.

— און דער האָריזאָנט, — זאָגט זי ווייטער, — איז אויך אַ פּרעכטיגער. איר קאָנט דאָ זען צוואַנציג מייל פאָראויס, און צוואַנציג מייל הינטער זיך!

— וועגען האָריזאָנט, — זאָג איך, — דאַרפט איר מיר נישט זאָגען. איך קען אים פון אויסענווייניג. איך האָב שוין אויסגעמאָסטען, אפשר צען מאָל, דעם גאַנצען האָריזאָנט, זוכענדיג אַ דזשאָב. לויט מיין חשבון, איז עס מער ווי צוואַנציג מייל!

— מילא, איז מער ווי צוואַנציג מייל. אַבי איר האָט געפונען דעם דזשאָב.

— כ׳האָב נישט געפונען און כ׳וועל נישט געפינען. און כ׳בעט אייך, טוט מיר אַ טובה און קומט אַראָפּ. עס שווינדעלט מיר פאַר די אויגען.

— איז אויב איר האָט נישט קיין דזשאָב, טאָ ווי אַזוי נעמט איר זיך אונטער צו בויען אַ פאַמיליע-היים?

— ווער האָט אייך געזאָגט, אַז כ׳גיי בויען אַ פאַמיליע-היים? כ׳וועל מיך באַנוגענען מיט אַ „פוירנישד רום״, כ׳בעט אייך, קומט אַראָפּ!

— און ווי אַזוי האַלט איר ביי חתונה האָבען, אַז איר האָט נישט קיין פּרנסה?

— איך האָף, אַז נאָך דער חתונה וועט זיין! כ׳בעט אייך, קומט אַראָפּ!

— אַז ס׳איז נישטאָ פאַר דער חתונה, ווי אַזוי וועט זיין נאָך דער חתונה?

— איך מיין, — זאָג איך, — אַז פון די טשעקלעך, וואָס וועלען מיר אַריינפאַלען אַלס חתונה מתנות, וועל איך מיר מאַכען אַ שטיקעל ביזנעס, וואָס וועט זיך אַזוי צעוואַקסען, אַז כ׳וועל דערנאָך גיין אַלץ העכער און העכער. כ׳בעט אייך קומט אַראָפּ!

— אַזעלכע רייכע פריינט און קרובים האָט איר, וואָס איר גלויבט אין זייערע טשעקלעך?

— איך האָב ניט, — זאָג איך, — קיין פריינט און קרובים; איך רעכען נאָר אויף טשעקלעך פון דער כלה׳ס צד. דערבאַרעמט אייך, כ׳בעט אייך, קומט אַראָפּ. עס שווינדעלט מיר פאַר די אויגען. איך האָב שוין די עמפּאַיר סטייט בילדינג ביז דאַנען!

אַז זי האָט שוין אויסגעהערט אַלע מיינע גליקען, האָט זי זיך אָנגערופען:

— קומט, איר דאַרפט מיך נישט אַזוי שטאַרק בעטען. מיר גייען שוין סיי ווי אַראָפּ!

אויפ׳ן עלעוועיטאָר אַראָפּוועגס האָב איך געזען ווי מיין אַלמנה,

וועלכע איז פריער געווען אַזוי סימפּאַטיש צו מיר — ווערט פון פלאַר־צו־פלאַר קעלטער.

ביז מיר זיינען אַראָפּגעקומען אין דער לאָבי, איז זי שוין געווען אייז־קאַלט.

מיר האָבען זיך געזעגענט ווי גוטע פריינט.

— איך ווינש אייך, אַז איר זאָלט טאָן אַ גוטען שידוך!

— אָבער נישט אויפ׳ן הונדערט און צווייטען פלאָר, — האָב איך גע־ענטפערט, — ס׳איז נישט פאַר מיינע כחות!

# מיין לעצטע פּראָבע

ווען שדכנים, חזנים, מסדרי־קידושין, מוהלים, פאָטאָגראַפיסטען, „ענטער־טעינערס" און „קעיטערערס" וואָלטען געדאַרפט מאַכען אַ לעבען פון מיינע שידוכים, — וואָלטען זיי נעבעך אַלע אויסגעגאַנגען פון הונגער!

מענשען לאַכען שוין פון מיר אין די פּויסטען, מ׳זאָגט, יאַקבי, אַז כ׳בין אַ שלומיאל. אַזוי פיל שידוכים דורכגעוואָרפען, און ביי קיין איין שידוך זיך נישט פאַרטשעפּעט.

לעולם זענען זיי אַלע גערעכט; אָבער אַז איר ווילט, בין איך אויך נישט אומגערעכט. וואָס זאָל איך פאַרט טאָן, אַז עס גייט מיר מיט דער פּוטער אַראָפּ?! געפעל איך איר, געפעלט זי מיר נישט; געפעלט זי מיר, געפעל איך איר נישט; און קוים געפעלען מיר זיך שוין ביידע, — האַלט זי נישט ביי טאָן קיין שידוך!

אייערנעכטען האָב איך געמאַכט די לעצטע פּראָבע. כ׳האָב געהאַט אַ זעעכץ מיט אַ ווייבעל, אינ׳ם סאַמע האַרץ פון ניו יאָרק, — אויפ׳ן טאַימס סקוועיר.

מ׳האָט אָפּגעשמועסט זיך צו טרעפען צווישען זיבען און אַכט אָוונט ביי דער געביידע פון „טאַימס".

שטיי איך אַזוי אונטער׳ן מבול פון ליכט, וואַרט אויף מיין באַשערטע, און קוק מיך צו צו די משוגע׳נע האַוואַיעס און אויסטערלישע קונצען פון די ליכט־רעקלאַמעס. איין מאַווי ברענט, אַ צווייטע לעשט זיך אויס. איין סטאַר צינדט זיך אָן, אַ צווייטער פאַרגייט אין פלאַמען. אַ ביר־פלאַש, אַזוי גרויס ווי עוג מלך הבשן, ליגט זיך אין דער הויך אויסגעלייגט ווי ביי דער מאַמען אין ווייג־גאָרטען, און פון האַלז גיסט זיך ביר, און די שוים ווערט באַלויכטען מיט שטראַלען פון רעפלעקטאָרען. איר גייט צו נענטער, איר ווילט אָנטאַפּען, זעט איר, אַז ס׳איז נישט קיין ביר, נישט קיין שוים און נישט קיין פלאַש, — ס׳איז שוואַרצקינצלעריי.

אַ בלאָק ווייטער, האָט איר שוין נישט קיין ביר, נאָר — פּאַפּיראָסען. אַ יונגערמאַן מיט אַן אָפען מויל הענגט אויפ׳ן צווייטען פלאָר און בלאָזט. זינט

איך קען ניו־יאָרק, זע איך אים אַ בלאָזענדיקן. יעדע ווילע אַ פּאָרציע רויך. אמת׳דיגער רויך. רויך ממש. אָסור מיר, צי כ׳וויים, ווי אַזוי אַזאַ בלאָזער האַלט אויס. מ׳דאַרף האָבען אייזערנע לונגען צו בלאָזען ביימאָג און ביינאַכט, שבת און זונטאָג, יום טוב און אינדערוואָכען און אַפילו לעיבאָר־דעי. נישט אַנדערש, נאָר עמיצער שטייט פון הינטען און בלאָזט אַרויס. ער בלאָזט אָפּ עטליכע שעה און גייט אַהיים, און דערנאָך קומט אַן אַנדערער בלאָזען. ס׳איז, הייסט עס, אַ דזשאָב ווי אַלע דזשאָבס. טשיקאַווע צי זיי נעמען אַריין גרינע בלאָזערס. אויב — יאָ, וואָלט איך מיך אפשר אויך געדאַרפט מעלדען. ס׳איז טאַקע אַ שווערע פּרנסה, אָבער פאָרט אַ פּרנסה. און אַז מ׳וויל, איז עס נישט מער ווי אַזאַ מין רויך־בעל תוקע. און אַז מ׳קען זיין בעל תוקע ערגעץ אַנדערש, קאָן מען זיין בעל תוקע אויך אויפ׳ן טאַימס סקווער.

און אַזוי טראַכטענדיג וועגען דזשאָב, האָב איך פאַרגעסען וועגען שידוך און גענומען ציילען, וויפיל מאָל אין אַ מינוט דער יונגערמאַנטשיק מיט׳ן אָפּענעם מויל, בלאָזט אַרויס דעם רויך.

איר וואַרט שוין לאַנג? — רייסט מיר פּלוצים איבער מיין באַשערטע.

אַ, —זאָג איך, — שוין אפשר אַ האַלב פּעקעל סיגאַרעטס! . . .

— איר רויכערט דען?

— ניין, — זאָג איך, — איך רויכער נישט, אָבער דער יונגערמאַן אינדערהויך רויכערט אָן אויפהער! איך האָב אים שוין אויפ׳ן אויג אפשר אַ האַלבע שעה!

און אַזוי האָט מיך דער שידוך אַוועקגעריסען פונ׳ם ליכטיגען לעבען און מ׳האָט אָנגעהויבען אַרויסצוקריכען פון טאַימס סקווער.

פרעגט זי מיך, וואוהין איך גיי.

וויים איך דאָך, אַז כ׳האָב אַ קוואָדער אין טאַש, זאָג איך:

— וואָלט איצט געווען אַ ביסעל פריער, וואָלטען מיר אַריינגעגאַנגען אין אַ טעאַטער; וואָלט איצט געווען שפּעטער, — וואָלטען מיר אַריינגעגאַנגען אין אַ נאַיט־קלאָב; נאָר אַזוי ווי ס׳איז נישט פריער און נישט שפּעטער, נאָר עס איז איצט, טאָ לאָמיר זיך אַוועקזעצען אויף אַ באַנק אויף בראָדוועי און מ׳עט אביסעל שמועסען.

האָבען מיר זיך אַוועקגעזעצט.

זע איך ווי זי קוקט אין הימעל און שווייגט.

טראַכט איך מיר: זי איז אַ שווייגערין. ווען אַזאַ פרוי שווייגט אַזוי נאָך דער חתונה ווי זי שווייגט פאַר דער חתונה, — וואָלט שוין דער שידוך געווען נישט קיין קרומער.

פּרוואו איך שוין אָנקניפּען דעם שמועס און גיב אַ פרעג:

— וואָס קוקט איר אין הימעל?

זאָגט זי: איך צייל די שטערן!

זאָג איך: ס'איז פאָלג מיך אַ גאַנג! אויף בראָדוועי גייט איר ציילען די שטערען? איר וועט נישט פאַרטיג ווערען!

און אַזוי איז שוין אַוועק דער שמועס פון שטערען, צו — טעלעוויזשאָן, פון טעלעוויזשאָן — צו פאַרטים, פון פאַרטים צו אַ זילבערנע חתונה, דערנאָך צו אַ גאָלדענע חתונה, ביז כ'האָב איר אַ פרעג־געטאָן, ווי אַלט זי איז?

האָט זי מיך געפרעגט, וויפיל איך גיב איר?

האָב איך איר געזאָגט: צווישען דרייסיג און פינף און דרייסיג.

זאָגט זי: איר האָט אַ גוטען קוק! און אַ דזשאָב האָט איר?

זאָג איך: ווי מיינט איר?

זאָגט זי: איך מיין, אַז — יאָ!

זאָג איך: איר האָט אויך אַ גוטען קוק!

הכלל לויט'ן געשפרעך האָט איר געקאָנט מיינען, אַז פונ'ם דאָזיגען שידוך ווערט שוין יאָ, און אַז אַ ליאַדע טאָג וועט מען ברעכען טעלער.

אָבער ביים געזעגנען זאָגט זי צו מיר אַזוי: „איר ווייסט, איך וואָלט אייך געראַטען ווי גוטער פריינט, אַז איר זאָלט נישט חתונה האָבען, נאָר בלייבען אַ „בעטשלאָר"!"

האָב איך מיך שנעל געזעגענט, ווייל כ'האָב מורא געהאַט, אַז זי וועט חרטה קריגען.

און דאָס איז געווען מיין לעצטע פּראָבע. אוים מיט די שידוכים!

## אַז דער סוף איז גוט, — איז אַלץ גוט!

מיין באַשערטע מיט וועלכער איך האָב מיך לעצטענס געטראָפען אויף כ׳האָב געמיינט, אַז מיין שידוך-גורל איז שוין גע׳חתמ׳עט!
טאַימס סקווער, האָט דאָך מיר גע׳עצה׳ט, אַז כ׳זאָל בלייבען אַ „בעטשלאָר״.
האָב איך מיך אָנגעכאַפּט אָן דער עצה, צעריסען דאָס שידוכים-ביכעלע מיט די אַדרעסען, און — „אוים כלה, צוריק מויד״ . . .

אָבער, אַז כ׳האָב גענומען אַריינטראַכטען אין דער לאַגע, איז מיר געוואָרען אַ ביסעל פּריקרע. וואָס וועט זיין דער סוף? קיין דזשאַב, האָב איך נישט. קיין שידוך, טו איך נישט. כ׳וועל דאָך משוגע ווערען פון ליידיג-גיין!
אַז מ׳האָט אַ שטוב, מ׳האָט אַ היים, מ׳האָט אַ ווייב, — איז פאָרט היימליכער!
זי קריגט זיך מיט מיר איך קריג מיך מיט איר; זי ווערט ברוגז, איך ווער ברוגז; מ׳בעט זיך איבער און מ׳קריגט זיך ווידער; זי איז אייפערזיכטיג. איך בין אייפערזיכטיג. מען מאַכט אַ סקאַנדאַל, מען וואַרפט אַ טעלער, מען האַקט אַ שויב; מיט איין וואָרט, — ס׳איז נישט לאַנגווייליג און די צייט גייט נישט אַדורך מיט גאָרנישט!

אָבער, אַז עס גייט נישט, — איז דאָך נישט שייך. האָב איך אָפּגעהאַקט. זאָל זיך מיר דאַכטען, אַז כ׳בין שוין אַן אַלמן.

און כ׳האָב מיך גאָר אַריינגעוואָרפען מיט לייב-און-לעבען אין לערנען ענגליש. ס׳הייסט, קיין פּראָפעסאָר פון ענגליש אין קיין קאָלעדזש, וועל איך שוין קיינמאָל נישט זיין, אָבער קאָנען ס׳לשון, — דאַרף מען. כ׳ווייס, אפשר ווען כ׳קאָן ענגליש, וואָלט איך שוין געהאַט אַ דזשאַב, און אפשר טאַקע אַ זיווג אויך.

געקומען אין „נאַיט סקול״, האָב איך דאָרט געטראָפען אַ גאַנצע וועלט מיט פעלקער: שפּאַניער, מיט פּאָרטאָ ריקאַנער, מיט איטאַליענער, מיט געלע כינעזער און מיט גרינע אידען. און צווישען די שפּאַניער, האָב איך אפילו געטראָפען איין ליטוואַק אויך. ער רעדט נישט מיט קיין „שין״, נאָר — מיט אַ „סין״. אָנשטאָט „שאַראַפּ!״ האָט ער מיר געזאָגט: „סאַראַפּ!״ האָב איך גלייך דערקענט, אַז ער איז אַ ליטוואַק.

פון דער ערשטער לעקציע, בין איך געווען זעהר צופרידען. כ׳האָב אַלץ פאַרשטאַנען.

כ׳האָב בלויז נישט פאַרשטאַנען, וואָס איין ווייבעל, צווישען די שילערינס, קוקט אַזוי אָפט אויף מיר. און אַז זי האָט געקוקט אויף מיר, האָב איך שוין געקוקט אויף איר. און לויט׳ן קוק האָב איך געזען, אַז דאָס איז אַ קוק פון אַ אידישער טאָכטער.

האָב איך שוין געוואַרט, אַז די לעקציע זאָל זיך ענדיגען, און מע׳זעמיר צוזאַמען אַרוים.

אויף די טרעפּ האָב איך איר אַ פרעג-געטאָן: „עמך?"

טראַכט זי נישט לאַנג און ענטפערט:

„איר האָט מיר אַרויסגענומען ס׳וואָרט פון מויל! דאָס זעלבע, וואָס איר פרעגט, האָב איך אייך געוואָלט פרעגען!"

האָב איך דאָך שוין געזען, אַז כ׳בין אינדערהיים, האָב איך ווייטער געפרעגט:

— אַ „גרינע"?

ענטפערט זי מיר צוריק מיט אַ פראַגע:

— און איר?

בין איך דאָך שוין אודאי און אודאי אינדערהיים, און איך ווער נאָך היימישער:

איר זענט שוין לאַנג אין אַמעריקע?

— מיר זענען ביידע — זאָגט זי — געקומען מיט דער זעלבער שיף. איר האָט שוין אַ באַשעפטיגונג?

— ניין, — זאָג איך, — און איר?

— איך, זאָגט זי — אויך נישט!

— איר זענט דאָ, —פרעג איך, — מיט אַ פאַמיליע?

— ניין, איינזאַם. און איר?

— עלענד!

ווען איך שעם מיך נישט, גיב איך איר אַ קוש, נאָר איך האָב מיך צוריק-געהאַלטען. איבעריגענס, צו וואָס דאַרף איך עס? — ס׳האָרץ האָט מיר סאַי ווי געזאָגט, אַז זי וועט זיין מיין ווייב!

צומאָרגענס, האָבען מיר שוין אין דער לאָבי פון „האיאַס", געהאַט אַ זעעכץ וועגען תכלית.

איר האָט עפּעס דאָ קרובים? — האָב איך געפרעגט.

— יאָ, — ענטפערט זי, — כ׳האָב דאָ צוועלף פעטערס, אַכט טאַנטעס און פינף קאַזינס. אַ שפּאָרע משפּחה. און איר?

— איך, — זאָג איך, — האָב פינף פעטערס אַכט טאַנטעס און צוועלף קאַזינס!

— אייערע קרובים, — פרעג איך, — מישען זיך עפּעס אין אייערע ביזנעס, ווייל איך האָב עס פיינט!

— חלילה וחס! כ׳זע זיי בלויז אויף די פאָטאָגראַפיעס, וואָס זיי האָבען מיר געשאָנקען, ווען כ׳בין אַראָפּגעקומען פון דער שיף! און אייערע קרובים מישען זיך? — גיט זי מיך אַ פרעג.

— אַ נעכטיגער טאָג! כ׳האָב אַפילו נישט זייערע אַדרעסען!

— אויסגעצייכענט! און כ׳זע שוין — זאָגט זי, — אַז אייער משפּחה מיט מיין משפּחה, זענען אודאי משפּחה!

— אויב אַזוי, — זאָג איך, — זענען מיר דאָך אויך משפּחה!

— איז וואָס׳זשע, — זאָגט זי, — משפּחה מעג זיך אויך משדך זיין!

— שור, — האָב איך געענטפערט, שוין מיט אַן אַקצענט פון דער נאַיט-סקול.

— אויב אַזוי, לאָמיר איבערגיין אויף „דו" און לאָמיר וויסען ווי איר הייסט?

— איך הייס, — זאָג איך, — רעפיודזשי, די.-פּי., אימיגראַנט, פליט, פליכט-לינג, ניי-געקומענער, גרינער, פּליום — מענדעל. און איר?

— די זעלבע מעשה פּליום — גנענדעל! . . .

הכלל, וואָס זאָל איך אייך מאריך-זיין? אַזוי ווי איך דריי אייך שוין אַ קאָפּ אַזויפיל חדשים, — וועל איך עס איצט מאַכען בקיצור.

נאָך דריי זעעכצען האָבען מיר גענומען חופּה וקדושין. דער רב איז געווען אַ גרינער. די אונטערפירערס זענען געווען גרינע. די געסט — גרינע. און חתן כלה — אודאי און אודאי גרינע.

צי כ׳בין צופרידען פון שידוך? — כ׳בין גליקליך!

כ׳רײם פון מיר די הויט, וואָס כ׳האָב מיך אַזוי לאַנג געמאַטערט, און וואָס כ׳האָב אומשולדיג געמאַטערט אַ געוויסען נודעלמאַן, וועלכער איז מיר נאָכ־געקראָכען אויף שריט און טריט און מיך באַשריבען.

און וואָס ווייטער? כ׳ווייס נישט און כ׳וויל גאָרנישט טראַכטען.

איך ווייס בלויז, אַז איך האָב נישט קיין דזשאַב, און מיין ווייב זאָל געזונט און שטאַרק זיין, האָט אויך נישט קיין דזשאַב.

אָבער, עס מאַכט נישט אויס, — אין צוויייען וועט זיין גרינגער צו זוכען.

דער עיקר, זאָרגט נישט פאַר אונז. מ׳עט זיין אָל־רייט, — מ׳עט מאַכען אַ לעבען!